# אינהאַלט





# פון די צוזאַמענשטעלער

איינער פון די באַוואוסטע קריטיקער אונזערע האָט אָנגערופן פּרצן דער פּראָבנמייסטער. ער, דער גאָניאַלער עקספּערימענטאַטאָר, וועלכער האָט אונז געגעבן מוסטערן פון אַלע ליטעראַטור־פאָרמען במעט, פון עפּאָס, ליריק, דראַמע, פון פעליעטאָן, פּובליציסטיק און קריטיק, האָט אין די פאַרשיידנסטע פעריאָדן פון זיין ליטעראַרישן שאַפן געפּרובט זיינע כוחות אויך אַלס איבערזעצער. און דער איינער חוש, וואָס האָט אים געפירט צו אַנטפּלעקן נייע טאַלאַנטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור, האָט אים אויך אָפט געמאַכט פאַר דעם אַנטדעקער פון אַזעלכע פרעמדע קינסטלער, וועלכע זיינען נאָך דעם ברייטן עולם גאָר ניט באַקאַנט געוועזן. שוין אין זיינע „יום־טוב־בלעטלעך“, למשל, געפינען מיר אַ איבערזעצונג פון קנוט האַמסון, אַ שריפטשטעלער, וועלכער איז דאַן נאָך געווען אַ פּנים־חדשות אין דער אייראָפּעאי־שער ליטעראַטור און איז ערשט אין יאָרן אַרום באַ־רימט געוואָרן אין ברייטערע קרייזן. און נאָך אָט וואָס: אַלס איבערזעצער איז ער אויך שטענדיק טריי געבליבן דעם אייגענעם סטיל זיינעם, און איז דען,

למשל, זיין איבערזעצונג פון מולטאַטולים „טינאַטעער" ניט עכט פּרציש? און האָט ער ניט אַריינגעבראַכט זיין אייגענעם ריטם אין דער איבערזעצונג פון ח. נ. ביאַליקס „משא נמירוב" (געדרוקט, איידער ביאַליק האָט די פּאָעמע אַליין איבערגעדיכט אין יידיש)?

איבערזעצנדיק ניט אויף באַשטעלונג, נייערט דאָס, וואָס האָט סטימולירט זיין דיכטערישן גייסט אין דעם אָדער יענעם פּעריאָד פון זיין שאַפן, האָט פּרץ שטענדיק אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו דעם תּנך, צו די עטישע און פילאָסאָפישע אידעען פון דעם בוך איבער אַלע ביכער. דעמדאָזיקן אינטערעס גע- פינען מיר ביי אים שוין אין דעם ערשטן פּעריאָד פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט אין יידיש — אין זיינע שירים אויף די מאָטיוון פון די נביאים, פון ישעיה, ירמיה, יחזקאל. אָבער, ווייזט אויס, ערשט אין לעצטן פּעריאָד פון זיין לעבן האָט דער אינטע- רעס צו דעם תּנך אָנגענומען די געשטאַלט פון יענער גרויסער אידעע, וועלכע איז צייטיק געוואָרן זינט דער יידישער שפּראַך-קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1908 — דער אידעע אַריבערצוטראָגן אין יידיש די אוצרות פון דער אַלטער יידישער קולטור. די דאָזיקע אידעע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט שלום אַשם איבערזעצונג פון „רות" (1908), האָט איצט שוין דערגרייכט צו דעם גראַנדיאָזן ווערק פון יהואש אין זיין איבערזעצונג פון גאַנץ תּנך אויף יידיש. און ווי אין אַלע גרויסע אויפטוען פון אונזער קולטור-רענע-

סאַנס, האָט אויך דאָ פּרץ ניט געקענט בלייבן אָן אַ זייט, און אין רעזולטאַט פון דעם האָבן מיר פון אים איבערזעצונגען פון אַלע מגילות *).

אָבער פּרץ איז געווען אַ צו בולט אויסגע־שפּראָכענע דיכטערישע אינדיווידואַליטעט מיט אַ צו אינדיווידועלן כּטיל, אַז ער זאָל זיך קענען באַנוגענען מיט דער ראָלע פון אַ איבערזעצער בלויז, מעג זיין אַפילו פון אַזאַ בוך, ווי דער תּנך איז. און אין זיינע איבערזעצונגען פון די מגילות האָבן מיר ווערק, וואו דער ביבלישער עלעמענט האָט זיך אָנגעקליידט אין דעם איינגנאַרטיקן לבוש פון דער ספּעציפישער פּרצי־שער פאָרם.

* * *

עס איז אונז שווער צו באַשטימען פון די מאַ־טעריאַלן, וואָס מיר האָבן אין אונזער רשות, ווען איינגנטלעך האָט פּרץ זיך אָנגעהויבן ערנסט און סי־סטעמאַטיש אָפּצוגעבן מיט דיראָזיקע תּנך־איבער־ריכטונגען. אפשר ווען דאָס גענויער פעסטשטעלן די נאָענטע מענטשן פון זיין קרייז און משפּחה. מיר קענען אָבער משער זיין, אַז דאָס איז געשען אין די

*) פון מאַנכע נאָטיצן און פּראָבן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין כּתב־יד ביי פּרצן, איז צו זען, אַז ער האָט זיך ניט באַנוגנט נאָר מיט דער איבערדיכטונג פון די מגילות. עס קען זייער זיין, אַז ער האָט געהאַט בדעה ביסלעכווייז איבערצוטראָגן אין יידיש גאַנץ תּנך. אַזוי, למשל, זיינען פאַרבליבן פון פּרצן אָפּגעריסענע קורצע פראַגמענטן פון „אז ישיר" א. אַנד.

לעצטע דריי יאָר פון זיין לעבן, אין יענע יאָרן, ווען דער דיכטער האָט מיט אַזאַ פלאַמענדיקן אימפעט זיך פאַרטיפט אין די העכערע פּראָבלעמען פון יידישקייט און זיך אַזוי באַגייסטערט מיט די אייביקע ווערטן פון תנך.

פאַרעפנטלעכן זיינע ביבלישע איבערדיכטונגען האָט פרץ אָנגעהויבן אין יאָר 1913 אין אַ רייע נומערן פון דער טעגלעכער צייטונג „דאָס לעבען“ (געוועזענער „דער פריינד“). פון דעמדאָזיקן יאָרגאַנג געפינען מיר פראַגמענטן פון פּרצעס קהלת־איבערזעצונג. אין דעם אייגענעם יאָר האָט ער אויך אָפּגעדרוקט אין דעם סעפּטעמבער־בוך פון דער ניו־יאָרקער „צוקונפט“ (און אין אַ יאָר אַרום איבערגעדרוקט אין „דאָס לע־בען“) זיין איבערזעצונג פון „שיר השירים“. פון די איבעריקע מגילות איז משמעות קיינע ניט געדרוקט געוואָרן ביי דעם דיכטערס לעבן, ניט גאַנצערהייט, ניט פראַגמענטנווייז (בלויז „חד־גדיא“ און „אקדמות“, וואָס מיר שליסן איין אין דעם ציקל איבערזעצונגען פון אונזער אַלטער ליטעראַטור, האָט פרץ פאַרעפנט־לעכט אין פסח־ און שבועות־נומער פון „היינט“ 1913, וואו ער איז צו יענער צייט געווען אַ שטענדי־קער מיטאַרבעטער). און באמת זיינען די איבעריקע מגילות (אַחוץ „רות“) נאָך געווען ניט גענוג באַאַר־בעט צום דרוקן, ווי דאָס ווייזן די איבערגעבליבענע כתב־ידן פון דידאָזיקע איבערזעצונגען. אָבער אַפילו

די שוין פאַרעפנטלעכטע איבערדיכטונגען פון „שיר השירים" און „קהלת" האָבן פרצן ניט באַפרידיקט, און ער האָט ניט אויפגעהערט צו אַרבעטן איבער זיי. ס'איז גענוג צו פאַרגלייכן דעם טעקסט פון זיין „שיר השירים" אין „דער צוקונפט" מיט דעם נוסח, וואָס איז מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער ערשינען אין „לעבען", כדי זיך צו איבערצייגן, ווי שטאַרק ער האָט פאַרענדערט די ערשטע געשטאַלט פון זיין איבערזעצונג (אויב רעכענען דעם טעקסט אין „דער צוקונפט" פאַר דעם ערשטן). באַזונדערס אָבער האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דער איבערדיכטונג פון „קהלת". נאָך זיין טויט האָט מען אין די ליטעראַרישע קרייזן איבערגעגעבן, אַז ער האָט 67 מאָל איבערגעאַרבעט די־ דאָזיקע איבערדיכטונג, און אויב דידאָזיקע ציפער איז אַפילו אַ שטיקל גוזמא (לויט די פאַרבליבענע וואַריאַנטן, וואָס זייער צאָל דערגרייכט אויף מאַנכע שטעלן העכסטנס 10—12), איז אָבער דאָך ניט איבערטריבן דער עצם פאַקט פון דער אויסערגעוויינלעכער אָנגעשטרענגטער אַרבעט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין פאַראיידישן דאָס דאָזיקע ליבלינגסווערק זיינס אין די לעצטע יאָ־ן פון זיין לעבן.

ביי דער געלעגנהייט האַלטן מיר פאַר אינטערעסאַנט צו ברענגען די זכרונות פון פרצעס פריינד, ש. אַנ—סקי און אַלטער קאַציזנע, וועגן זיין אַרבעט איבער קהלת. אַנ—סקי דערציילט (אין דעם פּרק־בוך פון „דער יידישער וועלט", 1915):

„... אַז איך ביך שפּעט בײנאַכט צו אים װידער געקומען, האָב איך אים געפונען בײם שרײבטיש מיט דער פּען אין דער האַנט. ניט אױפהײבנדיק דעם קאָפּ, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— „זעץ זיך, איך װעל דיר לעזן מײן איבער־זעצונג פון „קהלת", איך אַרבעט אױף דעם די לעצטע חדשים.

„און ער האָט מיר געלײענט דאָס, נאָך מײן מײנונג, מוזיקאַלישסטע װערק, װאָס ער האָט געשאַפן: ז ײ ן קהלת. און איך האָב געפילט, אַז זײן געבראָ־כענער גײסט האָט זיך ניט צופעליק פּאַרטיפט אין קהלת, װאו צוגלײך מיט דעם „הבל הבלים" זײנען דאָ שטאַרקע און זיכערע יסודות — „דור הולך ודור בא, והארץ לעולם עומדת". איך האָב געפילט, אַז דאָ זוכט ער אַן ענטפער אױף דער שרעקלעכער פראַגע פון הײנטיקן טאָג.

„איך האָב זיך אומישנע נעפרעגט, אויב ער רעכנט איבערזעצן „איכה". ער האָט זיך אַ קרים געטאָן:

— „נײן, אַ קלאָג אָן בילדער, אָן אַ געדאַנק װעגן צוקונפט"..... *)

„און אױף מאָרגן האָט ער מיר געזאָגט:

---

*) דידאָזיקע שטעל פון אַנ—סקים זכרונות איז אַ שטיקל רעפּעניש: צװישן פּרצעס תנך־איבערדיכטונגען איז אויך דאָ „איכה".

— „איך בין ווייער צופרידן, וואָס דו ביסט געקומען. דו ווערסט מיך אָפּרייסן פון דער אַרבעט, איך דאַרף עטלעכע טעג פאַרגעסן אָן איר, כּדי איך זאָל זי קענען נאָכאַמאָל איבעראַרבעטן".

און אַלטער קאַציזנע דערציילט (אין דעמזעלבן פּרק־בוך פון „דער יידישער וועלט"):

„— וואָס שרייבט איר איצט? פרעגט קאַציזנע פּרצן.

„— איך אַרבעט א'בער קהלת. ע, וואָלט איר וויסן, וואָסערע עמי־הארצים מיר זיינען! ווי מיר פאַרשטייען נישט, וואָס מיר לייענען אין אונזערע ספרים! אָט האָב איך שוין געהאַט איינמאָל קהלת אָנגעשריבן, געדרוקט. זע איך איצט איין, ווי שלעכט דאָס איז געווען געמאַכט. מיר פאַרשטייען נישט דעם ריכטיקן טייטש... און ווייסט איר וואָס? לעבן זאָל יידיש. מאַנכעס מאָל ראַטעוועט עס מיך אַרויס. איך זאָל קיין יידיש ניט געווען קענען, וואָלטן פאַר מיר פיל העברעאישע אויסדרוקן פאַרבליבן נישט קלאָר! נעמט, צום בייספּיל, דאָס וואָרט חכמה, אַזוי ווי דאָס טרעפט זיך אין קהלת. קלוגשאַפט? — טויג נישט. וויסנשאַפט? נישט צוגעפּאַסט. איך דערמאַן מיך אָבער, ווי דער ייד זאָגט: — איז וואָס איז די חכמה דערפון? — איר פאַרשטייט? דער ייד, וואָס האָט, דאַכט זיך, ניט פונאַנדערגעקליבן, וואו, אין וואָסער שפּראַך צו נעמען אַ וואָרט, האָט דאָך דאָס העברע־אישע וואָרט אויף זיין פּאַסיקן אָרט געלאָזט, ווייל

ער האָט געפילט זיין אַלטע שאַטירונג. מיינען מיינט ער דעם אויפּטו, די מעכאַניק.

„פּרץ רעדט וועגן זיין אַרבעט מיט גרויס חשק און באַגייסטערונג.... ער רעדט וועגן שלמה המלך. אין אַ דויערנדיקן שאַפונגס־עקסטאַז האָט ער אויפ־געדיכטעט שלמהן מיט זיין גאַנצער עפּאָכע און איצט לאָזט אים דער קלוגער עגאָאיסטישער מלך צו רו נישט.

„— אַיי, איז דאָס אַ שלמה! אַיי, אַ שלמה, זאָל ער!

„מיין באַמערקונג, אַז שלמה איז ווי נישט פון יידישער מאָראַל אַרויס, ווענדט ער אָפּ.

„— פאַרקערט, ער איז ווייער מאָראַליש. זיין גאַנ־צע טיראַנישע טעטיקייט מיט דער פילפרעסעריי, מיט די פילע ווייבער, מיטן גאַנצן וואוילטאָג, וואָס איז גע־לעגן ווי אַ שווערע לאַסט אויפן פאָלק, זיין גאַנצן ראָזיקן אַרט לעבן פאַרטיידיקט ער פון מאָראַלישן שטאַנדפונקט.

„פּרץ שטעלט זיך פאָר, אַז די זקנים פון פאָלק פלעגן זיך פאַרזאַמלען צום מלכס הויף מיט טענות, אַז דער מלך מיט זיין אַרט לעבן איז צו לאַסט פאַרן פאָלק און קענען דעם ווילן פון באַשעפער. און שלמה פלעגט אין קורצע אַפאָריזמען אָפּווענדן זייערע טענות, דערווייזנדיק, אַז ער, דער מלך, האָט דאָס רעכט צו פאָרשן דאָס לעבן אויף אַלע געביטן און דורכדעם

גערענקען אָן זיין שעפער. אַזוי אַרום איז ערטערוויין אויסגעוואַקסן קהלת.

„די שפּעטערדיקע רעדאַקטאָרן פון דעמדאָזיקן ספר האָבן זיך דערשראָקן פאַר זיין אינהאַלט און ערטערוויין איבערגעדרייט די פסוקים.

„האָט איצט פּרק די אַרבעט צו שיפרירן.

„— אַיי, שלמה! אַיי, שלמה!... איז ער אַנטציקט.

„אין שאָטן פון זילבער, אין שאָטן פון וויסן
„ווי גוט איז דיין וואוילהיים גענישן!" —

פאַרלירט ער אַ פּרעכטיקע ציטאַטע פון זיין איבער-דיכטונג. ווי ניט ענלעך איז די שפּראַך צו יענעם האַרטן מאַרמאָר, פון וועלכן פּרק פלעגט אויסהאַקן זיין גראַם.

„מיר האָבן זיך געקריגט שוין ניט צום ערשטן מאָל איבער דער פראַגע. איך האָב מיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז דער דיכטער, ווען ער דרינגט אַריין אין אַ געוויסער עפּאָכע, דאַרף ער זי געבן אין אַ זעלב-שטענדיקער פאָרמע, ניט איבערזעצן די אַלטע ספרים. פּרק ווידער האַלט זיך אָן דער מיינונג, אַז די העכסטע פאָרם איז דער אַלטער פּרימיטיוו. קהלת אָבער איז ניט אַ ווערק צום איבערזעצן, נאָר צו שיפ-רירן. פּרק פאָרשט אַ שורה נאָך אַ שורה, אַ פּסוק נאָך אַ פּסוק, און פאַנגט דעם פאָדעם און פאַרלירט אים צוריק.

„און במילא וואַקסט אונטער זיין פּעדער אַ זעלבשטענדיקע גלענצנדע זאַך, וואָס אויב דאָס איז קהלת, איז עס קהלת אין פּרצעס אָפּשפּיגלונג״.

*
* *

ביי דער באַציאונג, וואָס הערשט ביי דאָס רוב פּאַרלעגער אונזערע צו די אויסגאַבן אַפילו פון אונ־זערע גרויסע קלאַסיקער, איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די מאַנוסקריפּטן פון אַלע פּרצעס געדרוקטע ווערק זיינען מסתמא פאַרלאָרן געגאַנגען, ווי די אומ־ניצלעכע בלעטלעך פון צייטונגס־שורות, און מיר קע־נען ניט פעסטשטעלן, ווי אַזוי האָט פּרץ געשריבן זיינע וויכטיקסטע זאַכן, צי גלייך פון פעדער אַרויס, אָדער אין איבעראַרבעטונגען און אין פאַרענדערונגען; מיר האָבן ניט קיין וואַריאַנטן פון אַזעלכע זאַכן זיינע, ווי די פאָלקסטימלעכע געשיכטן, די חסידישע מעשיות א. אַז. וו. בלויז פון זיינע דראַמען „די גאָלדענע קייט״, „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ און פון דער פּאָעמע „מאָניש״ האָבן מיר געדרוקטע וואַריאַנטן, *) וואָס גיבן אונז אַ אַריינבליק אין דעם שאַפונגס־פּראָ־צעס פון אונזער גרויסן דיכטער. אין דעם פּרט איז זייער וויכטיק דאָס שטודיום פון די פאַרשיידענע וואַ־

*) אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג איבער די וואַריאַנטן פון „דער גאָלדענער קייט״ און „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ האָט פאַרעפנטלעכט מאַקס עריק אין זיין בוך „קאָנסטרוקציע־שטודיען״, וואַרשע 1924.

דיאַנטן פון פרצעס תנך־איבערזעצונגען. אמת, דאָ האָבן מיר צו טאָן ניט מיט קיין אָריגינעלע שאַפונגען פון דיכטער, נאָר מיט אַרבעטן, וועלכע זיינען אין אַ געוויסער מאָס, אויף וויפיל זיי זיינען פאַרבונדן מיט אַ פרעמדן טעקסט, מעכאַניש און טעכניש. ביי דער געלעגנהייט איז אויך כדאי אָנצומערקן דעם באַזונדערן סטיל פון דידאַקטישע איבערזעצונגען. וואָס פאַר אַ תהום עס ליגט צווישן דעם געלייטערטן, שטאַרק העברעאיזירטן יידיש פון „די פּאָלקסטימלעכע געשיכטן" און דעם שווערן, עפּעס מאָדנע פאַרדייטשטן לשון פון פרצעס „שיר השירים" אָדער „קהלת", וואו ס'איז דאָ אַזוי ווייניק פאָלקסטימלעכע שפּראַך־עלעמענטן. דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די קאַפּריזן פון פרצעס שאַפונגס־פּראָצעס—די־דאַקטישע טענדענץ דווקא אין די איבערזעצונגען פון תנך אויסצומיידן יעדן העברעאיזם אין דער שפּראַך. אָבער אין אונזער אויפגאַבע גייט ניט אַריין קיין גענויערער אַנאַליז פון פרצעס סטיל אַלס תנך־איבערזעצער, און מיר לאָזן עס איבער פאַר אונזערע ליטעראַטור־פאָרשער און פילאָלאָגן. דאָ וועלן מיר זיך נאָר באַנוגענען מיט באַשרייבן אַלע מאַטעריאַלן, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונזער רשות, ביים אַרויסגעבן די מגילות, ווי אויך דעם פּלאַן פון אונזער אַרבעט.

## שיר השירים.

פון שיר השירים האָבן מיר געפונען דריי נוסחאות: איין נוסח אין מאַנוסקריפּט און די איבער־

ריקע צוויי געדרוקטע; איינער — דער טעקסט, וואָס האָט זיך געדרוקט אין ניו־יאָרקער „צוקונפט" אין 1913, און דער צווייטער — וואָס האָט זיך געדרוקט אין „דאָס לעבען" נומ. 75 און 79 פון 1914. דער מאַנוסקריפּט איז דער אַוטאָגראַף פון פּרצן און שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויס ברייט העפט גמרא־פאָרמאַט פון 22 בלעטער. געשריבן איז ער אויף איין זייט; מאַנכע שטעלן זיינען געשריבן אויף אַ קוים קענטיקן פריערדיקן טעקסט, מיט וועלכן פּרק איז, ווייזט אויס, ניט געווען צופרידן און האָט אים אָפּגעמעקט. געשריבן איז ער מיט אַ בלייפעדער און איז, לויט אַלע וואָרשיינלעכקייטן, דער אורטעקסט פון שיר־השירים; יעדנפאַלס שיינט ער דאָס צו זיין לגבי אַלע איבעריקע נוסחאות פון שיר־השירים, וואָס מיר פאַרמאָגן.

אין דעם 1־טן קאַפּיטל האָט פּרק פּאַראַלעל מיט דער יידישער איבערזעצונג געגעבן אויך דעם העברעאישן טעקסט. די קאַפּיטלען זיינען דאָ ניט גענוי אָפּגעשטעלט, און די ציפערן, וואָס באַצייכענען די קאַפּיטלען, זיינען געמישטע, רוימישע מיט אַראַבישע. אייניקע באַצייכענונגען פון די קאַפּיטלען פעלן לגמרי. איינגעטיילט איז דערדאָזיקער טעקסט אין 18 קאַפּיטלען.

אַלס יסוד און אַלס פּלאַן צו דער גאַנצער איבערזעצונג האָט פּרצן געדינט אַ קאָנספּעקט פון שיר השירים, וואו ער האָט אויף איינצלנע בלעטלעך פאַרצייכנט און קלאַסיפיצירט, מיט אַ תוכן — די

נעמען פון שטעט, ערטער און פּלעצער, נעמען פון בנינים, קליידער, ליבע־צערטלעכ־קייטן, פּירות, צירונג, חיות, מענער־שיינהייט, פרויען־שיינהייט, — מיט איין וואָרט, דעם גאַנצן מאַטעריאַל פון שיר השירים.

דערדאָזיקער קאָנספּעקט האָט אויך, משמעות, געדינט פרצן אַלס מאַטעריאַל פאַר די פאָררעדעס און פאַר זיינע הערות צום טעקסט.

פאָררעדעס אָדער אינהאַלטן פאַרמאָגט דער אורטעקסט 2: איינע, פון וועלכער מיר האָבן בלויז אַ טייל, זעט אויס צו זיין אַ באַריכותדיקע; זי גיט איבער דעם תוכן פון שיר השירים און באַלייכט אים ביבל־קריטיש. די צווייטע איז אַ קיצור פון דער ערשטער, נאָר איבערגעגעבן מיט אַ וואַריאירטן נוסח. די פאָררעדעס זיינען געשריבן מיט בלייפעדער. דער מאַטעריאַל פון דידאָזיקע פאָררעדעס האָט פרצן געדינט אין די ווייטערדיקע טעקסטן — אַ טייל אַלס רעמאַרקן, אַ טייל — אַלס הערות, און אַ טייל — פאַר אַ פאָרוואָרט.

מיר גיבן אַפּריער דעם פאַרענדיקטן פאָרוואָרט, נאָכהער דעם פראַגמענט פון דעם באַריכותדיקן.

דער צווייטער טעקסט, וואָס איז געווען געדרוקט אין „צוקונפט״, איז אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דעם 1־טן נוסח, הגם ער ווייכט ניט אָפּ קיין סך פון אים. צום באַדויערן, האָבן מיר בלויז געפונען די בלעטלעך פון איין נומער „צוקונפט״, וואו עס האָט זיך געדרוקט אַ העלפט טעקסט פון שיר השירים, ביז

קאַפּ. 11, און די צווייטע העלפט האָבן מיר גענומען נעמען פון פּרצעס ווערק, וואָס זיינען אַרוים אין ניו־יאָרק אין 1920 אונטער דוד פּינסקים רעדאַקציע, און מיר קענען דעריבער ניט ערב זיין פאַר דער פּינקטלעכ־קייט און גענויקייט פון גאַנצן טעקסט, ווי ער האָט אויסגעזען אין „צוקונפט"; דען, פאַרגלייכנדיק דעם טייל טעקסט שיר השירים פון „צוקונפט", וואָס מיר פאַרמאָגן, מיט דעם, וואָס איז געדרוקט אונטער פּינ־סקים רעדאַקציע, האָבן מיר געפונען געוויסע אָפּוויי־כונגען, ווי דאָס פאַרריכטן מאַנכע פּרצעס דייטשמע־ריזמען, אַ שטייגער: פריינד אָנשטאָט פריינדע; כלה אָנשטאָט ברויט און אַנד.

דער צווייטער טעקסט פאַרמאָגט אויך אַ קורצע פאָררעדע — אַ וואַריאַנט אויף די פריערדיקע פאָר־רעדעס. אויסער די טעקסטועלע אונטערשיידן לגבי דעם ערשטן נוסח, שיידט זיך דעררדאָזיקער טעקסט אויך אונטער מיט דער איינשטעלונג פון די סטראָפן: מאַנכע פערזן קומען אוים אין אורטעקסט אין איין סטראָפע, אָדער געהערן צו איין קאַפּיטל (לויט פּרצעס איינטיילונג), און אין 2־טן טעקסט — אין אַן אַנדער סטראָפע און צו אַן אַנדער קאַפּיטל.

דער דריטער טעקסט, וואָס איז געווען געדרוקט אין „דאָס לעבען", איז אינגאַנצן אַן איבערגעאַרבע־טער נוסח, וואָס שיידט זיך שטאַרק אונטער פון די ערשטע צוויי. אויף דעמדאָזיקן טעקסט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ שמאָל לאַנג אויפגענייט העפט מיט די

אַרייִנגעקלעפּטע אויסשניטן פון „דאָס לעבען", איז אויפגעשריבן, אויסער דעם טיטל, ווי אויף אַלע פריִ־ ערדיקע נוסחאות, אויך: „1914", ד. ה. דאָס יאָר, ווען עס האָט זיך געדרוקט אין „לעבען".

סיי אין דעם ענדגילטיקן טעקסט, סיי אין אַלע וואַריאַנטן האָבן מיר געגעבן אַלע וואַריאַנטן פון די טיטלען, מיט וועלכע שיר השירים האָט זיך בשעתו געדרוקט אין די פאַרשיידענע אויסגאַבעס.

אויף דעם שער־בלאַט פון דעמדאָזיקן טעקסט איז געווען משמעות אָנגעקלעפּט דער טיטל פון „דאָס לעבען": „אין ווייסן פערז מיט צוגעגעבענע רעמאַרקן און באַמערקונגען", וואָס ס'איז נאָכהער אַראָפּגעפאַלן, און מיר האָבן עס רעסטאַווירט. דער טעקסט אַנטהאַלט אויך אַ פאָררעדע מיטן נאָמען „דער קורצער אינהאַלט" — אַ קורצע וואַריאַציע אויף די פריערדיקע פאָררעדעס. די פאָרבאַמערקונג באַציט זיך אויפן ערשטן פסוק, וואָס איז אָנגעגעבן אַלס טיטל אויף אַלע דריי נוסחאות.

כדי טריי צו בלייבן דעם אַווטאָרס כוונה, האָבן מיר אומעטום געגעבן צום ערשטן די ענדגילטיקע און פולקום באַאַרבעטע טעקסטן, דערנאָך די וואַריאַנטן און די אַנטוואורף־טעקסטן, און אַזוי האָבן מיר זיך אויך נוהג געווען ביי שיר השירים: פאַר דעם ענדגילטיקן טעקסט האָבן מיר גענומען דעם נוסח פון „לעבען", פאַר אַן ערשטן וואַריאַנט — דעם טעקסט פון „צוּ־ קונפט", און צולעצט — דעם אורטעקסט, הגם כראָ־ נאָלאָגיש האָט געדאַרפט זיין פאַרקערט.

דורכדעם זיינען מיר אויסן געווען צו געבן דעם לעזער אַ בולטע השגה פון פּרצעס שאַפונגס־פּראָצעס, פון זיין אומדערמידלעכן פליים צו אַרבעטן און איבער־אַרבעטן, צו שלייפן און פּאָלירן זיינע ווערק, פון דעם טיפן ערנסט, מיט וועלכן ער האָט זיך באַצויגן צו זיין אַרבעט. מחמת דעמדאָזיקן טעם האָבן מיר אויך אַלע דריי טעקסטן געגעבן באַזונדער, אַלס גאַנצע זאַכן, און ניט צעברעקלט ווי אַלס שטיקלעך וואַריאַנטן צו דעם גרונד־טעקסט. די שטעלן, וואו זיי גלייכן זיך, האָבן מיר באַצייכנט מיט שטערנדלעך ניט איינגעקלאַמערט, להיפך צו די הערות, וואָס גייען אַריינגערינגלט אין חצי־לבנות.

אַ באַזונדער וואַריאַנט אויף די פּסוקים 5—8 פון קאַפּ. ח׳ האָבן מיר געפונען אויף אַ באַזונדער בלעטעלע, געשריבן מיט טינט, און לויט דער נומע־ראַציע פון די ציפערן, וואָס באַצייכענען די באַמער־קונגען, איז קענטיק, אַז עס איז געווען נאָך אַ פערטער טעקסט פון שיר השירים, וואָס איז, משמעות, פאַר־לאָרן געגאַנגען.

דער אורטעקסט און דער טעקסט פון „צוקונפט" זיינען איינגעטיילט אין 18 קאַפּ., און דער לעצטער, ענדגילטיקער טעקסט— אין 14.

## ר ו ת.

פון רות האָבן מיר געפונען 1 טעקסט, דעם אַווטאָגראַף, פון וועלכן עס זיינען געמאַכט געוואָרן

דורך אַן איבערשרייבער 2 קאָפּיעס, און פּרץ האָט אין זיי אַריינגעטראָגן קליינע שינויים, אַזוי אַז די דראַ־ זיקע קאָפּיעס זיינען אַן ענדגילטיקער טעקסט. דער אַווטאָגראַף שטעלט מיט זיך פאָר אַ לאַנג שמאָל העפט פון 12 זייטן, געשריבן מיט אַ בלייפעדער, און אין פיל ערטער, כמעט אין דעם גרעסטן טייל, איז דער טעקסט געשריבן אויף אַן אָפּגעמעקטן און קוים קענטיקן פריערדיקן טעקסט.

אין דעמדאָזיקן אַווטאָגראַף געפינט זיך אויף דער 2־טער זייט פון שער־בלאַט פאָלגנדיקע פּאַר־ שטראָכענע באַמערקונג, באַצייכנט מיט אַ ציפער 1, בנוגע וועלכער ס'איז ניט באַוואוסט, צו וואָס זי באַ־ ציט זיך: „בנות צלפחד איז קענטיק הוראת שעה,— זיי צוליב אַ ספּעציעלער באַשייד פון גאָט". —

די פּאָר קליינע וואַריאַנטן זיינען אַראָפּגעטראָגן אויף אַן אָרט און באַצייכנט מיט שטערנדלעך.

## א י כ ה.

דער אַווטאָגראַף פון איכה באַשטייט פון איין גאַנצן טעקסט און אַ וואַריאַנט אויף דעם 1־טן קאַ־ פּיטל. דער פאָרמאַט פון מאַנוסקריפּט איז ווי פון רות, געשריבן מיט בלייפעדער און אַנטהאַלט 15 בלעטער. מאַנכע סטראָפן זיינען געשריבן אויף אַ פריערדיקן טעקסט. ביז קאַפּ. ג' איז דער טעקסט מער־ווייניקער באַאַרבעט, פון קאַפּ. ג', דערהויפּט פון קאַפּ. ד', איז דער טעקסט בלויז אַן אָנוואָרף, אַ ניט באַאַרבעטער

מאַטעריאַל, די פסוקים זיינען ניט באַצייכנט, איינציקע פסוקים קומען בלויז מיט זייער העברעאישן טעקסט, ביי איינציקע טייטשן ווערט געבראַכט דער העברעאישער אָריגינאַל; משמעות, פרק האָט נאָך פאַר זיי ניט געפונען דעם פּאַסיקן אָדער ענדגילטיקן אויסדרוק אין יידיש; פיל פסוקים קומען צוזאַמענגעפלאָכטן, און ס'ווערט ניט אָפּגעהיט די פערז־מאָס פון די שורות. בכלל מאַכט דער גאַנצער מאַנוסקריפּט אַן איינדרוק פון אַ מאַטעריאַל, וואָס איז אַרויס פון דער ערשטער פעדער.

דער וואַריאַנט פון איכה באַשטייט פון 2 בלעטלעך. מעגלעך, אַז ס'איז בלויז אַ טייל פון אַ וואַריאַנט אויף גאַנץ איכה, וועלכער איז פאַרלאָרן געגאַנגען. ניט קענענדיק אין געוויסע פאַלן פעסטשטעלן דעם אמתן טייטש פון אַ געוויסן וואָרט, ניט פרק אַלע מעגלעכע טייטשן צוזאַמען. אַזוי איז דער פאַל מיט די ווערטער „תנין" (פסוק 3, קאַפּ. ד'); „תשתפכנה", (פסוק 1, קאַפּ. ד'); „סכות" (פסוק 43, קאַפּ. ג') און אַנד. דיזאָזיקע אַלע טייטשן האָבן מיר אַראָפּגעטראָגן אונטן, אַלס פאַרטייטשונגען, פון וועלכע פרק אַליין האָט נאָך ניט אויסגעקליבן די ענדגילטיקע. מיר האָבן אויך אַראָפּגעטראָגן אונטן, אַלס באַמערקונגען פון פרצן, די יעניקע פאַרקלאַמערטע באַמערקונגען אין טעקסט, וואָס דינען אַלס עקזעגעטישע קאָמענטאַרן און געהערן ניט צו דעם עצם טעקסט. דערקענן האָבן מיר געלאָזן די פאַרקלאַמערטע באַמער־

קונגען אין טעקסט, וואָס דינען ווי אַ דערגאַנצונג און אַ דערפילונג צום פסוק.

די קליינע וואַריאַנטן זיינען אַראָפּגעטראָגן אויף אַן אָרט גופא.

## ק ה ל ת.

פון קהלת האָבן מיר גענומען צוויי פולקומע גרונד=טעקסטן און דריי איבערגעשריבענע (ניט דורך פרצן) קאָפּיעס פון איינעם פון זיי.

דער ערשטער טעקסט איז געווען אָפּגעדרוקט פראַגמענטנווייז ביז קאַפּ. ח אין „דאָס לעבען״ (דער אָנהייב אומבאַוואוסט אין וואָסער נומער) אין די נומערן 3, 15, 23, 30, 57 און 91 (אין לעצטן נומער— אונטער דעם קעפּל: „אויס קהלת״) פון יאָר 1914. דעמדראָזיקן טעקסט האָט פרץ פונדאָסניי באַאַרבעט און ס׳איז אַרויסגעקומען אַ צווייטער אורטעקסט. ער שליסט אין זיך איין דעם גאַנצן געדרוקטן טעקסט, נאָר שטאַרק באַאַרבעט. נאָך דעם געדרוקטן טעקסט קומט מאַנוסקריפּט ביז סוף פון קהלת.

דערדאָזיקער אורטעקסט איז זייער אַן אָריגינע= לער הן לויט זיין אויסערלעכן אויסזען, הן לויט די אָן אַ שיעור וואַריאַציעס, וואָס ער פאַרמאָגט. זען זעט ער אויס, ווי אַ ברייט לאַנג העפט גמרא=פאָרמאַט און איז כמעט ווי איבערגעריסן אויף דער העלפט, חוץ דעם זיינען אויך ביי די זייטן אין אייניקע ערטער אויסגעריסן גאַנצע שטיקער. ווי עס גיט איבער ה׳ ב. קלעצקין אין דינעזאָנס נאָמען, ביי וועמען

ער האָט איבערגענומען נאָך פּרצעס טויט (אין 1915) אַלע כּתבים פון י. ל. פּרץ, צווישן זיי אויך די מגילות, איז פּרץ געווען שטאַרק ניט צופרידן מיט דעמדראָזיקן טעקסט און איינמאָל אין אַן אויפגערעגטן צישטאַנד האָט ער אים שיר ניט צעריסן, ווען ניט דינעזאָן, וואָס איז געווען דערבײַ און האָט בײַ אים באַצייטנס אַרויסגעכאַפּט דעם מאַנוסקריפּט און אַזוי־אַרום אים געראַטעוועט.

באַטראַכטנדיק דעמדראָזיקן טעקסט, איז ווירק־לעך נשתּומם צו ווערן פון דער אייזערנער געדולד, מיט וועלכער פּרץ האָט באַאַרבעט יעדן פּערז, יעדן זאַץ, יעדעס וואָרט, איבערגעשטעלט און איבערגעדרייט, פאַרמעקט און ווידער אויפגעשריבן אויף דעם פאַר־מעקטן, געטאָקט און געשניצט און פאַרריכט ביז אין דער אומענדלעכקייט אַריין.

ביז העלפט גייט זיך דער טעקסט מער־וויי־ניקער נאָרמאַל, נאָר וואָס ווייטער, פאַרלירט ער דעם אָנבליק פון אַ טעקסט, און זעט אויס, ווי אַ קליין אינזעלע, אַרומגערינגלט מיט אַ ים פון פאַרשיידענע וואַריאַנטן בײַ דער זייט און אינמיטן, אויבן און אונטן, געמעקט און געשריבן, אָנגעהויבן אַ פּערז און ניט פאַרענדיקט, געבליבן שטיין אינמיטן אַ פראַזע, אַמאָל — אינמיטן אַ וואָרט; בײַ דער אַרבעט פלוצלונג דערמאָנט זיך פאַרשיידענע גראַמען און ווערטלעך און סינאָני־מען און טייטשן פון העברעאישן אָריגינאַל — און גלייך פאַרצייכנט אויף דער ברייטער זייט פון העפט.

גענומען זיך באַאַרבעטן אַ פּסוק, וואָס איז מיט עטלע־
כע פּסוקים שפּעטער פאַר דעם דערבייאיקן טעקסט.
כמעט יעדער פערז ווערט וואַריאירט; פאַרהאַן פּסוקים,
וואָס פאַרמאָגן איבער 10 וואַריאַנטן. און ניט נאָר
פּסוקים; אויף איינצלנע ווערטער זיינען ביי אים
פאַרהאַן צו עטלעכע וואַריאַנטן.

דער צווייטער טעקסט (כראָנאָלאָגיש, דער דריי־
טער) פון קהלת איז אַ ווייטערדיקע באַאַרבעטונג פון
דעם פריערדיקן. דערדאָזיקער אַוטאָגראַף האָט דעם
אויסזען פון אַ לאַנג שמאָל העפט פון 31 בלעט־
לעך, געשריבן דורכאויס מיט בלייפעדער אויף אַ קוים
קענטיקן פריערדיקן טעקסט, און אין פיל שטעלן
מישן זיך אויס ביידע טעקסטן און מחמת דעם איז
שווער צו לייענען. אין דעמדאָזיקן 2־טן טעקסט האָט
שוין פרץ די פּסוקים באַצייכנט מיט ציפערן און איינ־
געטיילט די קאַפּיטלען לויטן תנכישן אָריגינאַל.

קיין הערות פון פרצן זיינען צו דעם אַוטאָ־
גראַף ניטאָ; הערות זיינען פאַרהאַן אויף באַזונ־
דערע 5 בלעטלעך פון אַ לאַנגן און שמאָלן פאָרמאַט
פון אַ טונקעלער פאַרב, געשריבן מיט אַ בלייפעדער
פון פרצן אַליין. דערדאָזיקער טעקסט איז אויך פול
ביי די זייטן מיט פרצעס תיקונים, אויסמעקענישן און
צושרייבענישן, מיט צונעקלעפּטע און אַריינגעשטעלטע
בלעטלעך. דאָך איז ער, לפי־ערך, לגבי דעם פריער־
דיקן נוסח, אַרויס ריין און פולשטענדיק.

אין די קאַפּיטלען האָט פרץ אַריינגעטראָגן געווי־

סע קליינע תיקונים מיט זיין האַנט, נאָר ניט אין אַלע, און דעריבער שיידן זיך די קאָפּיעס אונטער בלויז איין קלייניקייטן.

פון דער הערה 4 (זייט 5) איז צו זען, אַז צו קהלת איז אויך געווען אַ פאָררעדע. מיר האָבן זי אָבער צווישן די פּרצעס כתבים פון די מגילות ניט געפונען.

די קאָפּיעס האָבן מיר אָנגענומען פאַר אַ גרונד־טעקסט און די איבעריקע — פאַר וואַריאַנטן, ווי מיר האָבן זיך נוהג געווען ביי די איבעריקע מגילות. די פּאָר קליינע וואַריאַנטעלעך פון די קאָפּיעס האָבן מיר אַראָפּגעטראָגן אויף אַן אָרט גופא; דעם באַאַרבעטן טעקסט פון „דאָס לעבען" האָבן מיר גענומען אַלס הויפּט־וואַריאַנט, און די אַלע גרעסערע און קלענערע וואַריאַנטן, סיי פון דעם הויפּט־וואַריאַנט, סיי פון דעם 2־טן טעקסט, וואָס באַשטייען פון גאַנצע סטראָפן, אָפּגעריסענע ניט פאַרענדיקטע פערזן, פראַזן, זאָגאַר איינצלנע ווערטער, אויב זיי האָבן נאָר אַ צוזאַמענהאַנג און בילדן ווירקלעכע וואַריאַנטן, האָבן מיר זיי געגעבן צום סוף אונטערן נאָמען „פאַרשיידענע וואַריאַנטן". איבערגעלאָזן האָבן מיר בלויז אַזעלכע פראַזן אָדער ווערטער, וואָס האָבן קיין שום צוזאַמענהאַנג ניט. דיזאָזיקע פאַרשיידענע וואַריאַנטן זיינען באַצייכנט מיט ציפערן, אַנטשפּרעכנדיק די ציפערן פון הויפּט־וואַריאַנט, אויף וועלכע זיי באַציען זיך; די פאַרשיידענע וואַריאַנטן בילדן אויך אונטער־וואַריאַנטן,

וואָס זיינען אַראָפּגעטראָגן געוואָרן אויף אַן אָרט און באַצייכנט מיט ציפערן. די שטעלן, וואָס גלייכן זיך, האָבן מיר, ווי אין אַלע וואַריאַנטן, באַצייכנט מיט שטערנדלעך. גלייך אויף אַן אָרט האָבן מיר אויך גע־געבן פּרצעמ׳ הערות, וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צום טעקסט, אויך באַמערקונגען פון רעדאַקציע, וועל־כע באַציען זיך אויף אַ געוויסן צושטאַנד פון מאַנו־סקריפּט, אָדער זיינען אויסן פעסטצושטעלן אָדער מתקן צו זיין אַ געוויסן טעות, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין טעקסט. די באַמערקונגען פון דער רעדאַקציע זיינען באַצייכנט מיט שטערנדלעך, און פּרצעמ הערות — מיט ציפערלעך. אויך די קליינע וואַריאַנטן, וואָס זיי־נען אַראָפּגעטראָגן אויף אַן אָרט, זיינען באַצייכנט מיט שטערנדלעך.

כדי מ׳זאָל קענען פאַרגלייכן דעם הויפּט־וואַריאַנט מיטן ענדגילטיקן טעקסט, האָבן מיר אים אויך איינ־געטיילט אין פּסוקים און קאַפּיטלען, אַנטשפּרעכנדיק דעם ענדגילטיקן טעקסט.

דער אופן פון אַראָפּטראָגן די וואַריאַנטן איז ביי אונז פאָלגנדיקער: אומעטום, וואו עס זיינען דאָ וואַ־ריאירטע פערזן, זאַצן אָדער איינצעלנע ווערטער, ווערט אַראָפּגעטראָגן, אַלס וואַריאַנט, דער פריערדי־קער טעקסט ווייערער, און דער אויסגעבעסערטער טעקסט ווערט אָנגענומען אַלס ענדגילטיקער טעקסט. אויב דער פריערדיקער טעקסט איז אויסגעמעקט, ווערט ער אַראָפּגעטראָגן אַלס וואַריאַנט מיט דער

באַמערקונג: אויסגעמעקט, אָדער פאַרקירצט: אויסג. אייב דער אויסגעמעקטער טעקסט איז אַ מיטן פערז אָדער אַ מיטן פראַזע—ווערט ער איינגערינגלט. אויב אָנשטאָט דעם אויסגעמעקטן טעקסט איז קיין אַנדער טעקסט ניטאָ, ווערט ער אָנגענומען אַלס גרונד־טעקסט, נאָר ער ווערט איינגעקלאַמערט און באַצייכנט: אויס־געמעקט.

אייניקע פסוקים זיינען ביי פרצן, צוליבן גראַם, אַזוי פערפלאָכטן צוזאַמען, אַז ס׳איז זיי אוממעגלעך פונאַנדערצוטיילן; דיזאָזיקע פסוקים האָבן מיר באַצייכנט מיט זייערע געהעריקע ציפערן. דאָ, וואו עס זיינען פאַרהאַן אַ סך וואַריאַנטן, האָבן מיר באַצייכנט זייער נומעראַציע מיט לאַטיינישע ציפערן.

אויסער די 2 גרונד־טעקסטן און דעם הויפּט־וואַריאַנט, האָבן מיר נאָך אויף איינצלנע קליינע בלעט־לעך, פון וועלכע איינס שטעלט מיט זיך פאָר אַ שער־בלאַט, געפונען נאָך אַ וואַריאַנט אויף אייניקע פסוקים. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אַ גאַנצער וואַריאַנט אויף קהלת, וואָס איז פאַרלאָרן געגאַנגען. מיר האָבן עס אַראָפּגעטראָגן צום סוף מיט אַ געהעריקער באַ־מערקונג דערצו.

אַלע אונזערע באַמיאונגען צו באַקומען די עק־זעמפּלאַרן פון „דאָס לעבען״, וואו עס האָבן זיך גע־דרוקט די קאַפּיטלען פון קהלת, כדי צו קענען פאַר־גלייכן מיט דעם געשריבענעם טעקסט, האָט צו קיין רעזולטאַטן ניט געבראַכט; עס האָבן אויך ניט גע־

האָלפן אונזערע וועגדרונגען אין דער פרעסע וועגן דעם־
אונזערע פריוואַטע זוכענישן אין ווילנע און אַפּיל,
אין וואַרשע, וואו „דאָס לעבען" איז ערשינען — אין
ערגעץ האָבן מיר די דאָזיקע עקזעמפּלאַרן ניט גע־
קענט קריגן. איצט, נאָכן אויסזעצן קהלת, האָט, על פּי־
צופאַל, ווילנער „שטראַשון־ביבליאָטעק" געקראָגן דעם
יאָרגאַנג פון „דאָס לעבען", וואו עס האָט זיך גע־
דרוקט קהלת (אי דאָס — מיט חסרים), און מיר האָבן
איצט די מעגלעכקייט צוצוגעבן אייניקע וואַריאַנטן
אויף אייניקע פּסוקים פון הויפּט־וואַריאַנט, וואָס פּרץ
האָט זיי איבערגעאַרבעט און ניט גענומען דירעקט פון
„דאָס לעבען". די דאָזיקע וואַריאַנטן האָבן מיר נעגעבן
נאָך די „פאַרשיידענע וואַריאַנטן", אונטערן טיטל „צו־
גאָב־וואַריאַנטן".

אַגב, לויט דידאָזיקע עקזעמפּלאַרן פון "דאָס
לעבען", האָבן מיר אויך די מעגלעכקייט פעסטצו־
שטעלן די שטערנדלעך, אויף וועלכע עס באַציען זיך
פּרצעס הערות אויף ז. 70 פון הויפּט־וואַריאַנט: דאָס
ערשטע שטערנדל דאַרף קומען נאָך: „און אַ זייל אין
דרייען געפלאָכטן" (פּ. 12); דאָס צווייטע: שוין „בע־
סער דעם אָרעמסטן קינד" (פּ. 13). אין דעם ערשטן
טעקסט פון „דאָס לעבען", וואָס מיר האָבן געהאַט,
זיינען די שטערנדלעך געווען מטושטש און מיר זיינען
דעריבער געווען געצוואונגען צו שרייבן אַ באַמערקונג,
וואָס פאַלט, נאַטירלעך, איצט אַראָפּ.

## א ס ת ר.

אסתר באַשטייט פון איין טעקסט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָנגעהויבענעם מאַנוסקריפּט, געשריבן מיט בלייפעדער, סך־הכל פון 2 בלעטלעך, ביז פּסוק 12 פון קאַפּ. א׳. קיין וואַריאַנטן זיינען ניטאָ. ס׳איז ניט באַוואוסט, צי איז דאָס אַן אָנהייב פון אַן ענד־גילטיקן טעקסט, אָדער דער 1־טער אַנטוואורף פון דער איבערזעצונג. אגב, דאַרף דער טיטל הייסן בלויז: א ס ת ר, און ניט, ווי עס האָט זיך על־פּי־טעות אָפּ־געדרוקט: „א ס ת ר, א י ן ר י י מ ע ן פ אַ ר י י ד י ש ט״.

## אקדמות און חד־גדיא.

פון אקדמות האָבן מיר געפונען צוויי אַוטאָ־גראַפן, פון וועלכע איינער שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווייטערע באַאַרבעטונג פון דעם נוסח, וואָס איז גע־ווען געדרוקט אין „היינט״ אין שבועות־נומער פון 1913; אין „היינט״ האָט זיך געדרוקט אַ גלאַטער טעקסט, ניט איינגעטיילט אין קאַפּיטלען, און דאָ איז שוין געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב איינטיילן דאָס ווערק אין קאַפּיטלען; דער 2־טער אַווטאָגראַף איז, הגם ניט קיין סך אַוועק ווייטער פון דעם ערשטן, איז אָבער אַן ענדגילטיקער, איינגעטיילט אין קאַפּיטלען און איבערגעשריבן אויף ריין. ביידע אַווטאָגראַפן זיינען פון אַ קליינעם פאָרמאַט פון 13 בלעטלעך יעדערער.

די מאַנכע אָפּווייכונגען, וואָס מיר האָבן געפונ־

נען אין דעם טעקסט פון אקדמות אונטער פינסקים רעדאַקציע, קען מען ניט אָננעמען אַלס וואַריאַנטן, נאָר אַלס פשוטע דרוקפעלערן. דאָס זעט מען אַרויס נאָך אַ גענויער פאַרגלייכונג מיטן טעקסט פון „היינט", פון וואַנען פינסקי האָט דעם טעקסט גענומען, און פון דער אומהאַפטיקייט פון די אָפּווייכונגען; בלויז אַ פּאָר ווערטער, וואָס קענען על־פי ספק יאָ זיין וואַריאַנטן, האָבן מיר אַראָפּגעטראָגן אין אונזער טעקסט און באַצייכנט מיט אַ פראַגע־צייכן.

דאָסזעלבע האָבן מיר אויך געטאָן מיט

## חד־גדיא,

פון וועלכן מיר האָבן בלויז דעם טעקסט פון „היינט", וואו עס האָט זיך געדרוקט אין דעם פסח־נומער פון 1913. פאַרגלייכנדיק מיט פינסקים טעקסט האָבן מיר געפונען, אַז דאָרטן זיינען די אָפּווייכונגען דרוקפעלערן.

## דער סך־הכל.

מיר האָבן אין פרצעס טעקסטן קיין זאַך ניט געענדערט, נאָר אויפגעשטעלט אַלע צעוואָר־פענע, פאַרדרייטע און פאַרמעקטע וואַריאַנטן, צו־נויפגעצויגן און פאַרבונדן אַלע שטיקלעך און ברעקלעך, געמאַכט די נעהעריקע באַמערקונגען, אויס־געשטעלט זיי לויט אַ געוויסן סדר, אויסגעשיידט די

וואַריאַנטן פון זייער פּלאָנטער און צוגעגעבן זיי צו די באַטרעפנדיקע טעקסטן, געמאַכט פראַגע־צייכנס, וואו אונז האָט זיך ניט געשיקט, וואו עס האָט גע־פעלט אַן אות, אַ וואָרט וכדומה — אויסער דער אָרטאָ־גראַפיע, וועלכע מיר האָבן פאַראיינהייטלעכט לויט דער מאָדערניזירטער אויסלייגונג *).

זיסט זיינען מיר געבליבן געטריי צו פּרצעס טעקסטן אין אַלע זייערע וואַריאַנטן, ניט ענדערנ־דיק אַפילו די אומגעריכטסטע דייטשמעריזמען, אַזוי אַז די דידאַקטישע אויסגאַבע פון פּרצעס תנך־איבערזעצונ־גען קען גילטן דערוויילע אַלס ערשטער און דער ווײַלע לײדער אײנציקער פּרוב פון אַ פולקומער אויסגאַבע פון אַ יידישן קלאַסיקער, וועלכער וועט, לאָ־מיר האָפן, דינען אַלס אָנרעגונג פאַר ווייטערדיקע אַרבעטן אויף דעמדראָזיקן געביט.

---

*) אגב, זיינען אַפילו די ביי פּרצעס לעבן פאַרעפנט־לעכטע וואַריאַנטן געדרוקט לויט דער אָרטאָגראַפיע פון די אויס־גאַבן, וואו זיי זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן;

# דאס ליד דער לידער שלמהס

## שיר השירים אשר לשלמה

(אין ווייסן פערז פאַריידישט, מיט צונעגעבענע רעמאַרקן און באַמערקונגען)

## פֿאָרבאַמערקונג.

„אשר לשלמה" — ווערטלעך: וואָס צו שלמה. קאָן זיין „שלמהס", פֿון שלמה פֿאַרפֿאַסט, אָדער, ווי „מזמור לדוד", איז נאָך נישט „מזמורו של דוד", אים צו ערן געדיכטעט. ווי־ע־ס־איז, עס איז אַ ליד, פֿון איינצלנע לידער צוזאַמענגעשטעלט און פֿון „אַ גאָרטן־זיצערין" — אַ גאָרטן־זינגערין, אַלט ווײַן־ און ליבעס־פֿאַטאַס געזונגען. אינגאַנצן — אַ פֿאַטאַס וועגן שלמה־ און שולמית־ליבע.

---

# דער קורצער אינהאַלט.

שלמה האָט וויינבערג אין דער געגנט פון בעל־הבית, מיט ווײַן־הייזער אין די וויינבערג. ער קומט אין מענער־ און פרויען־באַגלייטונג (בנות ירושלים) צוזעהן, צו פאַרווײלונג, און באַגעגנט זיך מיט שולמית — אַ וויינבערג־היטערין. זי דערציילט, אַז זי איז נישט קיין איינפאַכע היטערין פון וויינבערג. דאָס האָבן די ברידער איר געצערנט, און פאַר אַ היטערין צום וויינבערג געשטעלט. — גייען ליבעס־געזאַנגען. דערנאָך — שולמיתעס טרוימערייען וועגן שלמה ביי זיך אין מוטער־הויז. זי באַזוכט אויך שלמהן אין ירושלים, טאַנצט פאַר אים אין נימן־גערטל. ער פאַרלאַנגט זי, זי רופט אים צו זיך אין דאָרף אַריין. ער קומט און פאַרלאַנגט זי פון די ברידער. די ברידער, וואָס האָבן זי פאַרטריבן אַ קליינע, ווייסן נישט, צי זי איז רייף און איז צום פאַרגעבן אַלם בתולה פאַר אַ ווייב, פאַר וועלכער מען באַקומט „מוהר״ (אויסקויף־געלט) און זי באַקומט „מתּן״ (כלה־מתּנות), און וואָס גייט צו חופּה, צו וועלכער דער חתן קומט אין אַ קרוין, ווי אַ קעניג, מיט אַ זילבערנעם טורעם איבערן קאָפּ, אָדער

מען קאָן זי נאָר פאַרקויפן אַלס מאַגד; זי איז דאָך אַזוי לאַנג אויסער שוץ געווען. זי ערקלערט זיך רייף און אַלס מעדכען, זאָגט זיך דערביי אָפּ פון כלה־געשענק, הייסט נאָר געבן די ברידער מוהר — 200 זילבער־שטיק.

---

## I.

(די באַגעגענונג אין ווײנבערג).

### שולמית.

מיט קושן פון זײן מויל
זאָל ער לאָבן מיך!

(דרײסטער געוואָרן).

דען בעסער אַלס דער װײן,
שמעקט דײן צערטלעכקײט!
צום געררוך די אײלן דײן
ווי אַנגענעם!
דײן נאָמען 1) שײן—אַ תורק־אײל!
ליבט די יונגפרױ דיך דאַרום!
אָ, צי מיך, צי,
מיר 2) אײלן דיר נאָך!

---

1) שלמה, דער קעניג פון פרידן; ווי שפעטער שולמית— די געהעריקע צו שלמה. דער נאָמען אין העברעאיש זין איז נאָך אומבאַקאַנט. ער איז נאָר געבורטס- אָדער ערן-טיטל.

2) זי און אירע פרײנדינען.

פירט דער קעניג מיך
אין זיינע קאַמערן, —
וועל'מיר לוסטיק זיין,
פרייען זיך מיט דיר!

און דערמאַנען אויך [3],
נישט אַזוי דעם וויין [4],
ווי דיין צערטלעכקייט!
געטרייע ליבן דיך!

(צו ירושלימס טעכטער):

שוואַרץ בין איך, דאָך שיין,
ירושלימס טעכטער!
ווי די קדר=געצלטן,
ווי די פאָרהענג שלמהס.

קוקט נישט, וואָס איך שוואַרצלעך בין;
מיך האָט אָפּגעברענט די זון.
עס האָבן מיר געצירנט
מיינע מוטער=זין; [5]
פאַר אַ וויינבערג=היטערין
מיך געמאַכט!

3) מיט דאַנקבאַרקייט.

4) די אויפנאַמע, ווי ביי אונז דער טיי; ווי „לחם" — דאָס מאַלצייט.

5) ביי דער פּאָליגאַמישער אָרדענונג הערשן די ברידער אין מוטער-הויז איבער מוטער און טעכטער.

און איך האָב מיין איינענעם
וויינבערג [6] נישט געהיט!

(צו שלמה) [7].

זאָג מיר דו,
וואָס מיין זעלע ליבט, —
וואו פיטערסט דו,
וואו לאַגערסט דו
צו מיטאָג־צייט?
נאָך וואָס זאָלן מיינען לייט,
דאָס איך לויף [8] די הירטן נאָך
פון דיינע קאַמעראַדן?

שלמה.

ווייסט עס נישט,
שענסטע צווישן פרויען?
גיי די צייכן נאָך
פון די שעפּלעך־טריט!
און פיטער דיינע ציקעלעך
ביי די שעפער־געלטן!

---

אין וואָגן פרעהם
צום פערדל קליין

---

6) איר געזיכט; אָפּטער פאַרגלייך אין דער פּאָעטס.
7) אַ ביטע אום באַגעגענונג אין דער פאָרם פון אַ שעפּער־
ליד; אין דערזעלבער פאָרם דער ענספער:
8) עוֹטְיָה; פון עָטֹה אל השלל.

גלייך איך דיך,
דו, ליבסטע מיין!
ווי שיין עס זענען
דיינע באַקן אין געהענגען
און דיין האַלז אין די שנירן ·
נאָלד־געהענגען מאַכ׳מיר דיר
מיט זילבערנע פלימערלעך.

---

II.

(שולמית מאַכט איר לייב־רייניקונג, שלמה וואַרט זי אָפּ; דערנאָך באַגעגנט).

שולמית.

אין זיין באַגלייט־דער קעניג וואַרט,
און אויפגעדופט האָט שוין מיין נאַרד!
אַ בינטל מיראַ איז ער מיר, מיין פריינד,
וואָס צווישן מיינע בריסטן רוט!
אַ באַלזאַם־שטענגל איז ער מיר,
פון עין־גדים ווייגבערג!

שלמה.

(צו שולמית, אַז זי באַווייזט זיך).

שיין ביסט דו, פריינדין מיין,
שיין!
די אויגן דיינע — טויבן!

שולמית.

שיין ביסט דו, פריינד דו מיין,
און זיס!

(זעצן זיך אין פרייעס),

פריש און גרין איז אונזער לאַגער [9],
פון צעדערן דאָס הויז געבאַלקט!
די גאַלעריע — ציפּרעסן!

(דיעט).

**שולמית.**

איך בין די ליליע פון שרון!
איך בין די רויז פון טאָל!

**שלמה.**

וואָס די רויז איז צווישן דערנער,
איז מיין פריינדין צווישן טעכטער!

**שולמית.**

וואָס דער עפּלבוים אין וואַלד,
איז צווישן זין מיין ליבער!
זיץ איך גליסטיק אין זיין שאָטן,
איז זיין פרוכט [10] דעם גומען זיס!

(ליבעס-ליד).

ר׳האָט צום וויינבערג מיך געפירט,
און איבער מיר זיין ליבעס-פאָן [11]
אויפגעפלאַנצט!

---

9) עֶרֶש; נישט „שלאָף-בעט", נאָר ווי די טפות אין „מגלת אסתר" — טרינק-לאַגער.

10) דער מאַן — דער בוים, זיין צערטלען — די פריכט. אויך אָפּטע פאַרגלייכונג.

11) ווערטלעך, אַלס צייכן פון אויסוואַל. דאָס טוך, וואָס ווערט אין האַרעם געוואָרפן דער גערופענער פרוי, איז די פאָן שוין אָן דעם שטאָק.

מינטערט מיך מיט טרויבן־זאַפט
און מיט עפּל לענט מיך אונטער, —
איך בין ליבעס־קראַנק.

*

זיין לינקע האַנט איז אונטער מיין קאָפּ:
און זיין רעכטע האַלזט מיך אַרום ..
באַשווער איך אייך, ירושלימס טעכטער,
ביי דעם יונגן הירש,
ביי דעם רעה אין פעלד: 12)
וועקט זי נישט,
וועקט די ליבע נישט,
ביז זי בליט נישט אויף אַליין! 13).

---

.III

(שולמית ביי זיך אינדערהיים, אין מוטער-הויז אויפן פעלז, פרוימט).

שולמית.

די שטים!
עס קומט מיין פריינד!
שפרינגט שוין איבער בערג,
היפט שוין איבער היגל!
דעם רעה צוגלייך,

---

12) דערמאָנט „חולדה ובורו״.
13) אָפּטער רעפרען

דעם יונגן הירש!
און שטייט שוין אונטער דער וואַנט!
דורך די פענסטער קוקט ער,
דורך די גראַטן 14) בליקט ער!
— — — — — — — — — —

רופט זיך אָן מיין פריינד
און זאָגט צו מיר:
שטיי־אויף, פריינדין מיין,
ליבסטע מיין,
קום אַרויס!
דען דער ווינטער איז פאַרביי,
און די רעגן־צייט געוויכן!
און מיט גרינסן שפּראָצט די ערד!
געקומען איז די שניטער־צייט, —
אין אונזער לאַנד
לאָזט די טורקל־טויב זיך הערן!
און בליטן טרייבט דער פייגנבוים,
און דער וויינבערג גרינט און דופט!
אָ, שטיי־אויף, געליבטע מיין,
שיינע מיין,
און קום אַרויס!

*

טויב דו מיין אין פעלזן־שפּאַלט,
אין פאַרבאָרגענעם געשטאַפּל,

---

14) פרויען־הייזער זענען אינם אָריענט פאַרגיטערט.

אָ, באַווייז מיר דיין געשטאַלט,
לאָז דיין שטימע הערן!
דען דיין שטים איז אַנגענעם;
הערלעך דיין געשטאַלט!

*

„כאַפּט אונז די פּיקסלעך"
די פּיקסלעך די קליינע,
די ווײַנשטאָק-פֿאַרדערבער, —
אונזער ווײַנשטאָק גרינט"! 15)

מיין פריינד איז מיין
און איך בין זיין, —
דעמס, וואָס פּיטערט צווישן רויזן!

*

ביז עס קילט נישט אָפּ דער טאָג 16),
און עס וויכן נישט די שאָטן, — 17)
ניין, פריינד!
זיי גלייך דעם רעה,
דעם יונגן הירש
אין די שפּאַלטן פון געבירג.

---

15) ברוך-שטיק פון אַ פאָלקס-ליד ביים נאַרטן-שפּיל,
16) רעפרען-אָפּשיד פאַרטאָג ביז צום אָוונט. ביימאָג מוז מען בלייבן צו הויז אָדער שיצן זיך פאַר דער זון אין שפּאַלטן פון געבירג.
17) וואָס זעען זיך נאָר אויף דער זון.

## IV.

(ווייטערדיקע פרוימעריינגן).

### שולמית.

אין די נעכט,
אויף מיין געלעגער,
זוך איך דעם, וואָס מיין זעלע ליבט;
זוך איך און געפין אים נישט!
שטיי איך אויף,
און גיי אין שטאָט אַרום;
אויף מערק און אויף גאַסן זוך איך דעם,
וואָס מיין זעלע ליבט...

*

באַגעגענען די היטער מיך,
די, וואָס קרייזלען אין דער שטאָט, —.
„האָט איר נישט געזען דעם,
וואָס מיין זעלע ליבט?"

קוים פאַרביי, — טרעף איך אים,
טרעף איך דעם, וואָס מיין זעלע ליבט!
האַלט איך אים, נישט אָפּגעלאָזט!
פיר איך אים צום מוטער=הויז,

צור געבערערין אין קאַמער!
באַשווער איך אייך, ירושלימס טעכטער!
ביים יונגן רעה,
ביים הירש אין פעלד, —

וועקט זי נישט,
וועקט די ליבע נישט,
ביז זי בליט נישט אויף אַליין!

---

.V

(שולמית פרווימט זיך אַלם ברוים, אין באַזוך ביי שלמה).

שלמה.

(באַגעגנט זי).

ווער שטייגט פון וויסטעניי?
גלייך אין רויכיקע זיילן!
מיט ווייררויך און מירא געדעמפפט,
מיט טענדלער-געווירצן אַלערליי!

שולמית.

(באַטראַכטנדיק).

אָט, שלמהס בעט,
זעכציק העלדן אַרום,
פון די שטאַרקסטע אין ישראל!
אַלע זענען שווערד-געגורטע,
און באַהאַוונטע אין קריג!
מענער — שווערדן ביי די לענדן,
פאַר די שרעקן פון דער נאַכט!
און אַ זענפט 18) האָט קעניג שלמה
פון לבנון-האָלץ געבויט!

18) אַפריון — טראָג-שטול.

מאַכט די ווילן ער פון זילבער,
און דעם אָנלען — גאָלד!
און דער זיץ, דער איז פון פורפור,
מיט דער ליבע אויסגעבעט
פון ירושלימס טעכטער! [19]

קומט, ציונס טעכטער, זעט,
אין דער קרוין דעם קעניג שלמה,
וואָס זיין מוטער האָט געקרוינט אים,
צו זיין האָכציימס-טאָג [20],
צו זיין האַרציקער פרייד!

## VI.

### שלמה.

(באַגעגנט זי).

שיין, ביסט דו, פריינדין מיין,
שיין!
פון אונטערן שלייער [21] ד׳אויגן דיין —
טויבן גלייך!
דיינע האָר — די געמזן-הערט,
פונם גלעד-באַרג געגליטשט!

---

19) די פּאָליגאַמישע פרוי קאָן זיין שטאָלץ דערויף.

20) חתנים אונטער דער חופה טראָגן קרוינען, כלות — זילבערנע טורעמס.

21) צַמה. צום—זאַמלען, צַמָה — האָר-זאַמלער; קענטיק, אַ שלייער, וואָס פאַרדעקט די אויערן, ווייל נאָר זיי ווערן, צווישן אַלע אַנדערע גלידער, נישט געשילדערט.

דיינע ציין — די גוטע הערט,
אָקאָרשט פון דער וואַקס אַרוים, —
גאַנץ און פּאַסיק, אָן אַ פעל!

דיינע ליפּן — פּורפּור-פעדים.
ווי אַנגענעם — דיין רעדנס-אַרט!
און פון אונטערן שלייער קוקט
אַ גראַנאַטן-שטיק—די שלייף!

און דיין האַלז—דידם טורעם,
שטאָלץ געבויט און באַהאַנגען —
טויזנט שילדן,
אַלע טויזנט העלדן-שילדן!

אַ רעהען-פּאָר — דיין בריסטן-פּאָר;
אַ יונג-הירשן-צווילינג-פּאָר,
וואָס עס פּיטערט זיך אין רויזן!

(אָפּשיד).

ביז עס קילט זיך אָפּ דער טאָג.
און ס'צעפּליסן זיך די שאָטן, —
גיי איך צו די מיראַ-בערג,
צו די באַלזאַם-הינגל.

———

## .VII

### שלמה.

שיין ביסט דו, ליבסטע מיין,
אינגאַנצן שיין, אָן אַ פעל!
און מיט מיר פון לבנון, כלה,
מיט מיר פון לבנון קומסט דו!
פון די שניר= און חרמון=שפּיצן,
לייבן=היים און טיגער=בערג!
און באַהאַרצט מיך, שוועסטער=כלה,
באַהאַרצט האָסט דו מיך
מיט איין אויג פון אויגן=פּאָר,
פון דיין האַלז=באַנד מיט אַ שנירל!
און ווי שיין, שוועסטער=כלה,
צערטלסט דו, —
בעסער שמעקט דיין צערטלעכקייט,
אַלס דער וויין!
און איבער די געווירצן אַלע
איז דיין אייל=דופט!
זיסקייט טריפן דיינע ליפּן, כלה,
מילך און האָניק — פון דיין צונג,
און דער דופט פון די געוועדער —
דער לבנון=דופט!

---

אַ גאָרטן, אַ פאַרשלאָסענער,
איז מיין שוועסטער כלה!
אַ קוואַלן, אַ פאַרשלאָסענער,

אַ באָרן, אַ פּאַרזינגלטער!
אין ד׳אָרעם דיין — דער פּאַראַדיז.
גראַנאַטן־דופּט און זיסע פּרוכט!
באַלזאַם און נאַרד!
נאַרד און קראָקוס, און צינאַמאָן,
ווייררויך און אַלאָע
און די בעסטע פון געווירצן!

---

אַ גאָרטן־קוואַל,
אַ לעבעדיקער וואַסער־קוואַל,
וואָס פון לבנון פליסט!

ש ו ל מ י ת.

וועק דיך, נאָרד!
קום, זיד! 22)
בלאָז מיין גערטל אויף!
זאָלן מיינע דופטן פליסן,
זאָל מיין פריינד
אין זיין גערטל קומען
און זיין זיסע פּרוכט געניסן!

ש ל מ ה.

כ׳בין געוועזן אין מיין גערטל,
שוועסטער־כלה,
האָב מיין האָניק־מילך גענאָסן —

---

22) די ווינטן פון נאָרד און זיד.

(צו טרינק-געזעלן).

עסט, פריינד!
טרינקט, באַרוישט אייך, קאַמעראַדן!

---

## VIII (23.

## שולמית.

(טרוימס),

איך שלאָף,
וואַך איז מיין האַרץ, —
אָ, די שטים!
קלאַפּט מיין פריינד:
„עפן מיר, שוועסטער ליבע,
ריינע טויב!
דען מיין קאָפּ איז פול מיט טוי,
די לאָקן פייכט
פון די טראָפּן פון דער נאַכט!"
— — — — — — — — —
— איך האָב אויסגעטאָן מיין קלייד,
זאָל איך מיך צוריק באַקליידן?
— כ'האָב מיינע פיס געוואַשן ריין,
זאָל איך ווידער זיי באַשמוצן!
— — — — — — — — —

---

23) אויסצירלעכער וואָר. צו IV.

דורך אַ קראַפּן־שטאַלט
שטרעקט מיין פריינד די האַנט צו מיר,
ברומט צו אים מיין אינגעווייד!
— — — — — — — — — — —
שטיי איך אויף און עפן אים,
מיראַ טריפט פון מיינע הענט,
מיראַ טריפן מיינע פינגער
אויפן ריגל־גריף!
האָב געעפנט איך מיין ליבסטן,
און ער איז אַוועקגעגאַנגען,
אַוועקגעשליכן האָט ער זיך, מיין ליבסטער!

און מיין זעל איז דאָך פאַרגאַנגען
פון זיין שטים!
זוך איך אים, געפין אים נישט;
רוף איך אים, ער ענטפערט נישט!
באַגעגענען די היטער מיך,
די, וואָס קרייזלען אין דער שטאָט,
ז'שלאָגן מיך און ביילן מיך,
רויבן מיר דעם שלייער צו,
אָ, די היטער פון די מויערן!

באַשווער איך אייך, ירושלימס טעכטער,
איר טרעפט מיין פריינד,
וואָס זאָגט איר אים?
— איך בין ליבעס־קראַנק!

— וועד איז דיין פריינד צווישן פריינד,
אָ, דו שענסטע צווישן פרויען!
וואָס באַשווערסטו דו אונז אַזוי?
— לויטער ראָז איז מיין פריינד,
צווישן טויזנטער — די פּאָן!
און זיין קאָפּ — אַ קרוינען־גאָלד!
לאָקן קרויזע — ראָבן שוואַרצע!
און די אויגן זיינע — טויבן,
טויבן ביי דעם וואַסער־קוואַלן, —
אַפּעל באָדן זיך אין מילך!
און די באַקן — ווייררויך־בייטן,
הינגל־קליין, געווירציקע!
און די ליפּן זענען רויזן, —
מירראַ טריפן זיינע ליפּן!
וואַלצן גאָלדענע די אָרעם,
מיט טורקוסן אויסגעפילט, —
און דער לייב — איין עלפן־ביין,
מיט סאַפּירן אויסגעזעצט!
און די ביינער — מאַרמאָר־זיילן,
אויף גינגאָלדענעם געשטעל!
דער לבנון איז דער אָנבליק,
און פון צעדערן — דער וואוקס!
און ווי זיס דער נומען זיינער,
און אינגאַנצן — אַ געליסטונג!
אָט דאָס איז מיין ליבסטער פריינד,
אָ, ירושלימס טעכטער!
— — — — — — — — —

וואוהין געגאַנגען איז דיין פריינד,
אָ, דו שענסטע צווישן פרויען!
וואוהין געגאַנגען איז דיין ליבסטער,
וועל'מיר זוכן אים מיט דיר!

— צו זיין גערטל האָט מיין פריינד געגידערט,
אין די גערטנער וועט ער ווײדן,
און ער וועט זיך רויזן קלייבן!
— — — — — — — — — —

איך בין מיין פריינדס, —
מיין פריינד איז מיין!
דער, וואָס פיטערט צווישן רויזן!

---

IX (24.

שלמה.

שיין ביסט דו, ליבסטע מיין,
תּרצה גלייך!
ליבלעך ווי ירושלים,
נישט צוטריטלעך, ווי געפּאָנטע! (25
ווענד נאָר אָפּ דיין אויג פון מיר, —
עס איבערוועלטיקט מיך דיין אויג!

---

24) אויספירלעכער וואָר. צו VI.

25) אויסדערוויילטע; זע באַמערקונג 11 צו II.

און דיינע האָר — די געמזן־הערט,
פונם גלעטשער־באַרג געגליטשט!
און די ציין — די ווייסע שאָף,
אָקערשט־ערשט פון וואַש אַרויס,
פּאַסיק אַלע, אָן אַ פעל!
און פון אונטערן שלייער די שלייף —
דאָס גראַנאַטן־שטיק!

---

זעכציק זיי׳ן די קעניגינס,
אַכציק — די ביישלעפערינס,
יונגפער — אָן אַ צאָל!
איינע איז מיין קלאָרע טויב,
ביי׳ן איר מוטער איין־און־איינציק,
ביי דער געבערערין דער ליבלינג!
זעען טעכטער — לויבן זי!
קעניגינס, ביישלעפערינס,
באַוואונדערן:
ווער איז זי,
וואָס ווי דער מאָרגן בליט,
וואָס איז ליבלעך, ווי דער מאָנד,
וואָס איז לויטער ווי די זון,
גישט צוטריטלעך, ווי דערוויילטע?

---

## X,

### שלמה.

(דער פּאַרליבטער, באַוועגטער שלמה גייט צום ניסן־גערטל צ
טרעפט שולמית, וואָס טאַנצט פאַר אים).

— צום ניסן־גערטל נידער איך,
איך וויל זען דאָס גרינס אין טאָל,
האָט דער ווייגשטאָק אויפגעבליט?
צי עס שפּראָצן די גראַנאַטן?
וואונדערבאַר,
וואָס מיין זעלע מאַכט פון מיר,
ווי די וועגן עמינדבס! 26)

---

(צו דער טאַנצנדיקער שולמית).
קער זיך, ווענד זיך, אָ, שולמית!
קער זיך, ווענד זיך, לאָז דיך זען!

### שולמית.

וואָס זעט איר אין שולמית דען,
אינם „צוויי־אַרמייען־טאַנץ“? 27)

### שלמה.

ווי שיין עס זענען, נדיבס טאָכטער,
אין די שיכלעך דיינע טריט!

---

26) דאָס שענסטע און עלעגאַנטסטע איז פערד־ און וואָגן;
די געליבטע ווערט פאַרגלייכט צום ראָס אין וואָגן, די דאַרציקע
באַוועגונג—צו רעסאָרן אין (קענטיק, באַרימטן) עמי־נדיבס וואָגן.
27) קריגס־טאַנץ.

אין די לענדן,
שפּאַנגען פון אַ מייסטער־האַנט!
דער נאָפּל — ווי דער פּולער מאָנד,
ווי דער גאַנצער, אָן אַ פעל!
און דער לייב — אַ ווייצן־גאַרב,
מיט אַ רויזן־שנור געגורט!
די בריסטן־פּאָר — אַ רעהען־פּאָר,
אַ יונג־הירשן־צווילינג־פּאָר,
און אַ טורעם פון עלפן־ביין
דער האַלז!
ד'אויגן — קוואַלן, וואָס ביי חשבון,
וואָס אין טויער פון בת־רבים;
די נאָז ווי דער לבנון־טורעם,
דער, וואָס אויף דמשק קוקט!
דער קאָפּ אויף דיר — דעם כרמל גלייך!
די פריזור אין פּורפּור־באַנד —
אַ קעניג אין רעגאַליען!
ווי שיין דו ביסט, ווי זיס דו ביסט,
אָ, דו ליבסטע און דו זיסטע!

---

(אימאַרמונג).

און איז דיין וואוקס — דער פּאַלמען־בוים,
און די בריסטן — טרויבן־בינטן,
טראַכט איך שטייגן אויף די פּאַלמען,
אירע צווייגן צו דערגרייכן!
און זאָלן מיר די בריסטן זיין,

ווי די וויינשטאָק־שטראַנגען!
דיין אָטעם שמעקט מיט עפּל־דופט,
פון גומען פליסט ווי זיסער וויין,
וואָס שווייציק מאַכט
די פאַרשלומערט־מידע ליפּן!

## שולמית.

(ענטפערט):

קום, פריינד דו מיין.
צו די פעלדער לאָמיר גיין,
אין די דערפער וועל'מיר נאַכטן!
פעדערן צום וויינבערג זיך,
זעען, צי דער וויינשטאָק בליט,
צי עפענען די קנאָספּן זיך
און עס שפּראָצן די גראַנאַטן!
דאָרטן, ליבסטער, גיב איך דיר
מיין פריינדשאַפט גאַנץ!
דאָרטן דופט דער ליבעס־אַפּעל!
און די איינגעננג — פרוכט באַהאַנגען,
פרישע אַלטע — אויפבאַוואַרטע,
אַלץ פאַר דיר!
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

---

## .XI

וואָלט מיר דיך ווער
פאַר אַ ברודער געמאַכט,
וואָס האָט מיין מוטערס ברוסט געזויגן!
טרעף אין גאַס איך דיך,
קוש איך דיך,
קיינער האָט מיר נישט פאַראיבל!
פיר איך דיך,
ברענג איך דיך,
צו מוטער=הויז,
לערנט זי מיך
לאָבן דיך
מיט געקאָכטן ווייַן,
און מיט מיין
גראַנאַטן=זאַפט!

— — — — — — — — — — —

זיין לינקע האַנט איז אונטער מיין קאָפּ
און זיין רעכטע האַלזט מיך אַרום, —
באַשווער איך אייך, ירושלימס טעכטער,
וועקט זי נישט,
וועקט די ליבע נישט,
ביז זי בליט נישט אויף אַליין!

———

## XII.

(שולמית-ליד)

„ווער שטייגט פון וויסטעניי
אויף איר ליבסטן אָנגעלענט?"

— — — — — — — — — —

אונטערן אַפּעל=בוים [28])
האָב איך דיך געוועקט,
וואו דיין מוטער האָט ווייען באַקומען
און דיך געהאַט!
דריק מיך ווי אַ זיגל צו דיין האַרץ!
ווי אַ זיגל צו דיין אָרעם צו, —
שטאַרקער איז די ליבע אַלס דער טויט,
האַרבער פאַרן אָפּגרונד איז איר אייפער!
אירע פונקען — פייער=פונקען, —
אַ געטלעכע פלאַם!
וואַסערן פיל
וועלן ליבע נישט פאַרלעשן!
טייכן —
נישט פאַרפלייצן זי!
און ביט אַ מאַן
זיין הויז=פאַרמעג פאַר ליבע, —
מען שפּאָט אים אוים!

---

28) „דודאים" — אַ סימפּאַטיש מיטל צו ליבע, קינדער צו האָבן א. ד. ג.

## XIII.

(ברוים-ליד) [29].

**א** שוועסטער האָבן מיר אַ קליינע
און קיין בריסטן האָט זי נישט!
וואָס טוען מיט דער שוועסטער מיר,
אַז מען קומט פאַרלאַנגען זי?
ווען אַ מויער [30], בויען מיר
אויף איר אַ זילבערנעם טורעם,
ווען אַ טיר [31],
הענגען מיר
אויף איר אַ צעדער-טאָוול אויף! [32]
— איך בין אַ מויער!
בריסטן, ווי די טורמען האָב איך!
זע איך אין זיינע אויגן אויס,
ווי די שטיפטערין פון פרידן!

*

אין בעל-המון האָט שלמה
אַ ווייןבערג געהאַט,
האָט ער אים היטער
איבערגעגעבן;
טויזנט זילבער-שטיק

---

29) זע פאַרבאַמערקונג.
30) גאַנץ יונגפרוילער.
31) דער געגנזאַץ.
32) מיטן פרייז אַלס מאַנר.

ברענגט אים יעדער מאַן
פאַר דער פרוכט!
מיין וויינבערג איז פאַר מיר [33],
די טויזנט, שלמה, זענען דיין!
און צוויי הונדערט — פאַר די היטער
פון זיין פרוכט!

---

## XIV.

— אַ, דו, גערטן־זיצערין! [34]
דיך פאַרנעמען קאַמעראַדן!
לאָז דיין שטימע הערן!
— אַנטלויף, פריינד! [35]
דעם רעה צוגלייך,
דעם יונגן הירש
אויפן ווירציקן געבירג.

---

33) מיין אייגנס; די ברידער, זי פאַרטרייבנדיק, האָבן פאַרלוירן זייער רעכט אויף איר.

34) גאָרטן־זינגערין.

35) זי געזעגנט זיך אָפּ; עס טאָגט.

# ערשטער וואַריאַנט

## דאָס ליד דער לידער שלמהס
## (שיר השירים אשר לשלמה)

פאַרייִדישט פון י. ל. פּרץ

# פאָרוואָרט.

איז דאָס בוך ווירקלעך שלמהס?

„אשר לשלמה" איז נאָך נישט שלמהס, ווי „מזמור לדוד" איז נאָך נישט „מזמורו של דוד", נישט „מזמור־דוד". עס קאָן זיין, פון שלמה נאָר געזאַמלט (ער איז דאָך דער „זאַמלער"—קהלת), זאָגאַר — נאָר אים דערלאַנגט, אים, צו זיין ערן, געווידמעט. „אשר לשלמה" וואָלט באַרעכטיקט אויך— זועגן אים און זיינע ליבשאַפטן געזונגען, — און גראָד האָבן מיר פאַר זיך לידער פון ווייניהויז...

ווען מיר לאָזן די פראַגע אָפן פאַר די ווייטערע פאָרשער; דאָס ביז אַהער געשריבענע איז נישט איבערצייגנד, — ווייניקסטנס פאַרן איבערזעצער.

ווי עס זאָל נישט זיין, דאָס בוך — אַ זאַמלונג פון שעפער־טאַנץ־ווײַן־ און האָכצייטס־לידער, — וואַרפט אַ רעטראָספעקטיווע פלאַם אויף איין אַלט־העברעאיש ווינקל, פון אַ גאַנץ אומבאַקאַנט לעבן, וואָס באַווייזט זיך ערשט, ווען מע נעמט אַראָפּ דערפון דעם שלייער פון רעליגיעזער סימבאָליק: עס בלאַנקט אויף אַ נאַ־

טור נישט אין „ברכי־נפשי"־סטיל געשילדערט; זי רעדט צו אונז אויסשליסלעך פון — ליבע! פון דער ליבע, וואָס וועקט זיך צוזאַמען מיט דער נאַטור. און באַזונגען ווערט מיט ליבשאַפט דער פרויען־לייב, דער גאַנץ אָדער האַלב־נאַקעטער, אָדער נאָר, ווי ביי דער טענ־צערין שולמית, — מיט אַ רויזן־שנור אַרום די לענדן געגורט. דער פרויען־, ווי אויך דער מענער־לייב, אָריענטאַליש „געריייניקט" (פאַרגלייך מיט דער יונג־פרויען־רייניקונג אין מגלת אסתר), פערפיומירט מיט היימישע און פון הענדלער, טע:דלער אימפּאָרטירטע איילן — ווייַן, ווייב, טאַנץ און געזאַנג...

די געגנט: ביי בעל־המון, וואו שלמה האָט זיינע וויינגערטנער און זיין ווינהויז, וואו די גע־מישטע יוגנט זאַמלט זיך, קיים „ווייכן די שאָטן, וואָס לייגן זיך אויף דער זון, און עס קילט זיך דער טאָג".

אויסער שעפער־לידער, דעם שולמית־טאַנץ און זיין רעזולטאַט די שולמית־ליבע, גייט דורך, אַלס אַ גאַנצע פּאַבולאַ, די ליבשאַפט צווישן שלמה און אַ וויינבערג־היטערין, וועלכע ער באַגעגנט, פירט אין ווייַן־הויז אַריין, „פלאַנצט איבער איר זיין ליבעס־פאָן" און זי ערקלערט זיך אים אין ליבע.

עס ווערט „געשמויסט" — „סיעסטאַ" געפירט אין וויינהויז, אויך אין דעם פרייען, אויף פריש־גרינע לאַגער... וואָס איז, גלייך אונזערן טיי, די אויפנאַמע. דער קעניג בלייבט אַ ווײַלע מיט זיין באַגלייט, זי

מאַכט איר „רייניקונג״, פערפיומירט זיך און קומען זיך צוזאַמען ביים ווײַן.

דער ווינטער צעשיידט. דער פרילינג קומט, מיט אים וועקט זיך די ליבע אויפ׳ס ניי. ער רופט זי אַראָפּ פון דער פעלזן־הייך, וואו זי וואוינט איבער די ווייַנבערג — די ליבשאַפט גייט אויפ׳ס ניי.

צו־הויז בענקט זי נאָך אים. טרוימט וועגן זיין קומען. עס געשיט. ער ווערבט וועגן איר ביי די ברי־דער. זיי צווייפלען אָבער - וועגן איר רייפקייט און יונגפרוילעכקייט. זיי האָבן זי דאָך אין צאָרן פאַר אַ היטערין צום וויינבערג געשטעלט, אויסן אויג געלאָזט. זי פאַרזיכערט, אַז זי איז רייף און יונג־פרוילעך. זי באַגליקט אים! זי זאָגט זיך אָפּ פון כלה־גאָב, נאָר „צוויי הונדערט״ פאַר די ברידער אויסקויף־געלט.

דאָס ווערט געזונגען פון איין אַלט־העברעאי־שער „געישאַ״ אין וויין־הויז; זעט אויס—אין שלמהס געגנוואַרט. קאַמעראַדן הערן צו. ער פאַרלאַנגט אין זיין און זייער נאָמען—נאָך; זי געזעגנט זיך אָפּ, דער הייסער טאָג קומט —

„ברח דודי״...

---

# באַמערקונגען:

1) לויט דעם טעקסט רעדט „זי" צו אים אין דער דריטער פערזאָן און גייט באַלד איבער, ערמוטיקט, צו דער צווייטער.

2) דער פערזמאָס פון דער איבערזעצונג איז אונטערגעזיר ; דעם אינהאַלט, צוליב דעקלאַמאַציאָן.

3) וואָס אָנבאַלאַנגט פאַרגלייכונגען מיט „ראָס" (פערד) און רייטוואָגן, מוז מען זיך פאַרזעצן אין דעם פרימיטיוון אָריענט, ווען דער רייטוואָגן איז געווען דאָס נייסטע און דאָס שענסטע, צו דער צייט פון איין: „אָבי, אָבי, רכב ישראל ופרשיו".

---

.1

זאָל ער קושן מיך,
קושן מיט זיין מויל, — [1]
דיין דיין פריינדלעכקייט
ליבער שמעקט אַלס וויין.

צום געדוך ווי פיין
דיינע איילן זענען; [2]
און דיין נאָמען שוין (שיין? — רעד.) [3]
איז אַ תורק=אייל!

די יונגפרויען אַלע
ליבן דיך דאַרום!

* אָ, צי מיך, צי,
מיר לויפן דיר נאָך;
ברענגט דער קעניג מיך

---

1) אין טעקסט: פון די קושן (מנשיקות), ביי פּאָלינאַמי איז אָן רעכט אויפן גאַנצן מאָן, אויף זיין גאַנצער צערטלעכקייט.

2) די הויפּט-זאַך אין הייסן אָריענט, ביים קנאַפּ-גע-קליידטן לייב.

3) דיין לויב, דיין רום.

* אין זיינע קאַמערן! 1)
* וועל׳מיר לוסטיק זיין,
פרייען זיך מיט דיר!

און דערמאָנען וועל׳מיר 2),
* נישט אַזוי דעם ווייַן,
ווי דיין פריינדלעכקייט!
ווי טריי מיר ליבן דיך!

---

* שוואַרץ בין איך, דאָך שיין,
* ירושלימס טעכטער, —
* ווי די קדר־געלטן,
* ווי די פאָרהענג שלמהס!
נישט קוקט, וואָס ברוין איך בין,
מיך האָט די זון געברוינט!
ס׳האָבן מיינע ברידער מיר,
מיינע מוטער־זין 3) געצירנט,
און צום וויינבערג מיך
אַלס היטערין געשטעלט, —
האָב איך דעם וויינבערג־מיין
נישט געהיט!

---

1) אין ווייַן־הויז.
2) געדענקען, דאַנקבאַר דערמאַנען.
3) אין פאָליגאַמישן מוטער־הויז הערשן די ברידער.

2 [1].

— אָך, זאָג מיר דו,
* וואָס מיין זעלע ליבט,
* וואו פיטערסט דו,
* וואו לאַגערסט דו —
* צו מיטאָג־צייט?
נאָך וואָס אויסזען זאָל ביי לייט,
דאָס איך לויף [2] די הערדן נאָך
* פון דיינע קאַמעראַדן?
* — ווייסט עס נישט,
דו שענסטע פרוי?
גיי נאָך די טריט
פון שעפעלעך, —
* און פיטער דיינע ציקעלעך
* ביי די שעפער־געצעלטן.

צו דעם ראָס אין פרעהס וואָגן
גלייך איך דיך, אָ, ליבסטע מיין! [3]
אַך, ווי שיין עס זענען דיינע
באַקן אין די קייטאַלעך
און דיין האַלז אין שנירן!

גאָלדענע קייטאַלעך מאַכן מיר דיר
* מיט זילבערנע פליטערלעך.

---

1) שעפער־ליד, דועט.
2) „עטה" — עטה אל השלל, יאָגן, לויפן נאָך וואָס.
3) רעיה — שעפערין, פריינדין, געליבטע!

.3

עָס ווייִלט דער קעניג נאָך
מיט זיין באַגלייט 1)
און מיין נאַרד
האָט אויפגעדופט!

אַ בינטל מיראַ
איז ער, מיין געליבטער, מיר, —
צווישן מיינע בריסטן רוט ער —
אַ באַלזאַם=שטענגל איבער מיר,
פון עין=גדים גאָרטן...
— שיין ביסטו, געליבטע מיין 2),
* שיין!
אוינגן — טויבן גלייך!
— שיין ביסטו, געליבטער מיין,
* און ווים!
און פריש און גרין
איז אונזער בעט! 3)
אונזערע הייזער
פון צעדער געבאַלקט 4),
* די גאַלעריע — ציפּרעסן!

---

1) אָפּוואַרפנדיק איר פּערפיומירונג.
2) געזאַנג ביים ווײַן — שעפער-ליד.
3) זיך-בעט ביים טרינקען (ביי אַחשורוש מטות זהב זכסף).
4) אין פרייען — אין שאָטן פון צעדערן.

### .4

* איך בין די ליליע פון שרון,
* איך בין די רויז פון טאָל!

* וואָס די רויז איז צווישן דערנער —
מיין געליבטער צווישן מענער!

— וואָס דער אַפּעל־בוים אין וואַלד איז —
מיין געליבטע צווישן מענער!

גלוסט זיך רוען אין זיין שאָטן,
שמעקן זים די פרוכטן־זיין [1].

---

האָט צום ווייןהויז מיין געליבטער
מיך געפירט!
און איבער מיר אויפגעפלאַנצט
זיין ליבעס־פאָן [2]!
אָ, קרעפטיקט מיך מיט טרויבן־זאַפט!
* און מיט עפּל לענט מיך אונטער!
* איך בין ליבעס־קראַנק!
אונטער מיין קאָפּ
זיין לינקע האַנט
און זיין רעכטע
האַלזט אַרום...

---

1) ער—דעם בוים; די פרוכט—זיינע ליבקאָזונגען.
2) וואַל־סימבאָל, לעבט זיך איבער אין האַרעם אין איינגאַכער פאָרם; עס ווערט צוגעוואָרפן דאָס טוך אַליין.

איך באַשווער אייך,
אָ, ירושלימס טעכטער,
ביי דעם הירש
און רעה אין פעלד —
וועקט די ליבע נישט!
וועקט זי נישט,
ביז זי בליט נישט אויף אַליין! *

---

.5

**א**, די שטים!
מיין געליבטער קומט!
שפרינגט שוין איבער די בערג,
היפּט שוין איבער היגל, — *
דעם רעה,
דעם יונגן הירש צוגלייך!
אָט שטייט ער שוין הינטער דער וואַנט!
דורך די פענסטער קוקט ער,
דורך די גראַטן בליקט ער! *

רופט זיך מיין געליבטער אָן,
זאָגט צו מיר:
שטיי, — מיין געליבטע, אויף!
לאָז דיך גייען! 1)
דען דער ווינטער איז פאַרביי, *
געוויכן איז די רעגנצייט,

---

1) איבער די גערטנער.

שפּראָצן האָבן זיך באַוויזן
איבער דער ערד!

און די צייט איז געקומען
פאַר געזאַנג!
עס לאָזט די טורקל־טויב זיך הערן
אין אונזער לאַנד!

דער פייגנבוים
ער טרייבט די קנאָספּן!
דער ווייַנשטאָק גרינט,
און לאָזט זיין דופט, —

אָ, שטיי אויף, געליבטע, און ניי,
שיינע פריינדין, לאָז זיך גייען!

אָ, טויב דו־מייַן
אין פעלזן־שפּאַלט,
אין פאַרבאָרגנהייט פון שטאַפּל, —
אָ, באַווייז מיר דיין געשטאַלט,
און מיך לאָז דיין שטימע הערן!
דען דיין שטים איז אָנגענעם;
הערלעך — דיין געשטאַלט! *)

*) אין דעמדאָזיקן וואר. זיינען פאַרפעלט די פסוקים 15, 16 און 17,
יואָס דאַרפן דא קומען; אין 2־טן וואר. זיינען זיי אריין.—רעד.

6.

אויף מיין נעלענער,
אין די נעכט,
זוך איך דעם,
וואָס מיין זעלע ליבט, —
זוך איך אים; געפין אים נישט!

וועל איך אויפשטייען,
גיין אין שטאָט,
אויף מאַרק און גאַס זוכן דעם,
וואָס מיין זעלע ליבט, —
זוך איך און געפין אים נישט!

---

* באַגעגענען די היטער מיך,
* די, וואָס קרייזלען אין דער שטאָט,
— האָט איר, פיליכט, געזען דעם,
* וואָס מיין זעלע ליבט?

* קוים פאַרביי, טרעף איך אים,
דעם, וואָס מיין זעלע ליבט!
כאַפּ איך אים
און לאָז נישט אָפּ!

פיר איך אים
צום מוטער=הויז,
אין מוטער=צימער

ברענג איך אים [1]!
באַשווער איך אייך,
ירושלימס טעכטער!
ביי דעם הירש
און רעה אין פעלד!
* וועקט זי נישט [2],
* וועקט די ליבע נישט,
* ביז זי בליט נישט אויף אַליין! [3]

---

7 [4].

אך, ווער שטיינט
פון וויסטעניי
אין די רויכיקע זיילן,
מיט מיראַ און ווייַרויך געדעמפט,
און אַלע טענדלער־פּולווערס?!

— — — — — — — — — —

אָט דאָס איז שלמהס בעט,
* זעכציק העלדן — אַרום,
* פון די שטאַרקסטע אין ישראל!

---

1) פרוימערייַ.
2) מיט לידער, געשפּרעכן; רעד נישט!
3) לידער־רעפרען.
4) ברוך־שטיקער פון שלמהס אַ האָכצייט־ליד, כלה־עמפּ־פאַנג, קאַמערן־שוי, — שלמה פון דער מוטער, לויט צייט־געברויך, אַלס חתן געקרוינט.

אַלע זענען שווערט=געגורט,
אַלע זענען שטרייט באַהאַוונט;
מענער — שווערטער ביי די לענדן
* פאַר די שרעקן פון דער נאַכט!

* און אַ זענפט האָט קעניג שלמה
זיך געמאַכט פון צעדער=האָלץ!
און די זיילן מאַכט ער — זילבער,
און די אָנלען [1]) גאָלד=געטריבן!
און פון פורפור איז דער זיץ,
* מיט דער ליבע אויסגעבעט
* פון ירושלימס טעכטער!

קומט אַרויס, ציונס טעכטער,
קומט, דעם קעניג שלמה זעט
אין דער קרוין, מיט וואָס די מוטער
האָט צום האָכצייטס=טאָג געקרוינט אים,
צום טאָג פון זיין האַרצנס=פרייד!

---

.8

* שיין ביסטו, פריינדין מיין,
* שיין!
דיינע אויגן דורכן שלייער —
* טויבן גלייך!

---

1) רפד—אונטערלענען.

און די האָר —
די געמזן־הערד
פון דעם גלער־בערג געגליטשט!

און די ציין —
לעמער ווייסע רייען צוויי,
אָקאָרשט פון דער וואַש אַרויס,
גאַנצע, אָן אַ פעל;

און די ליפּן — פּורפּור־פּעדים!
דיין רעדנס־אַרט ווי אַנגענעם!
די שלייף, וואָס קוקט
פון אונטער דער הויב —
אַ גראַנאַטן־שניט!

דער האַלז, דער ריינער דוד־טורעם,
שטאָלץ געהויכט, און באַהאַנגען —
טויזנט שילדן!
גאַנצע טויזנט קריגער־שילדן!

די ברוסטן־פּאָר — אַ רעהען־פּאָר —
אַ יונגע הירשן־צווילינג־פּאָר,
וואָס פּיטערט זיך אין רויזן!

---

9 (1.

בּיז עס קילט נישט אָפּ דער טאָג
און די שאָטן ווייכן,
גיי איך מיר צום מיראַ=בּערג,
צו די ווייראויך-היגל!
אַך, דו בּיסט אינגאַנצן שיין,
פריינדין מיין,
און אָן אַ פעל!

---

10 (2.

מיט מיר,
מיט מיר פון לבנון, כּלה,
* מיט מיר פון לבנון קומסט דו!

קוקסט פון אַמנה=הייך,
פון דעם שניר=און חרמון=שפּיץ!
פון דער לייבּן=היים,
פון די טיגער=בּערג!

---

האָסט בּאַהאַרצט מיך:
שוועסטער כּלה,

1) אָפּשיידם-ליד.
2) בּרויט-גאַנג-אויפנאַמע.

מיט איין אויג פון דיינע אויגן,
פון דיין האַלזבאַנד מיט אַ שנירל! *

---

און ווי שיין דיין ליבשאַפט איז,
שוועסטער כלה!
ווי שמעקנדיקער פאַרן וויין
דיין ליבשאַפט איז!
און דיינע איילן —
שטייגן אַלע איילן איבער!
זיסקייט=טראָפּן
דיינע ליפּן, כלה!
האָניק און מילך איז אונטער דיין צונג!
און דער דופט פון דיינע קליידער —
דער לבנון=דופט! *

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

און אַ גאָרטן אַ געשלאָסענער
איז מיין שוועסטער=כלה! *
אַ קוואַל'ן אַ פאַרשלאָסענער, *
אַ ברונען אַ פאַרזיגלטער!

---

די אָרעם דיין — דער פּאַראַדיז!
גראַנאַטן און די זיסטע פרוכט!
ציפּער=בליט און נאַרד! *

נאַרד און קראָקוס, און די קאַנאַ,
שאַפראַן, ווײַרױך און אַלאָע,
מירטן און די אַלע פײַנסטע
פון געווירצן!

אַ גאָרטן=קוואַל ביסטו מיר,
אַ קוועלנדיקער וואַסער=ברונען [1]
פון לבנון אָנגעפלאָסן!

(די ברויט:

* — וועק דיך, נאָרד,
פלי אָן, זיד! [2]
בלאָזט מײַן גערטל אויף, —
זאָלן פליסן זײַנע געווירצן, —
און זאָל מײַן געליבטער קומען
צו זײַן גערטל און זיך לאָבן
מיט זײַן פרוכט!

---

כ׳בין געוועזן, שוועסטער כלה,
אין מײַן גערטל!
און מײַן מירא דאָרט געקליבן
און די דופטיקע געווירצן!
* און געלאָבט זיך מיט מײַן האָניק,
און מײַן זיסן וויין געטרונקען!

---

1) וואַסער-האַלטער, רעזערוואַר.
2) נאָרד- און זיד-ווינט.

עסט, קאַמעראַדן,
טרינקט, באַרוישט אייך,
ליבע פריינדע!

---

11 ¹).

שלומער איך,
מיין האַרץ איז וואַך, —
אַ שטים!
מיין געליבטער קלאַפּט!

— עפן מיר,
שוועסטער ליבע,
זיסע טויב!
* דען מיין קאָפּ איז פול מיט טוי,
און די לאָקן —
מיט די טראָפּן פון דער נאַכט!

— איך האָב מיין קלייד שוין אויסגעטאָן,
ווי זאָל איך אָנטאָן עס?
ריין געוואַשן מיר די פיס,
ווי באַשמוץ איך זיי?

דורך די גראַטן שטעקט מיין ליבער
אויס זיין האַנט, —
* ברומט צו אים מיין אינגעווייד!

¹) ראַטאַצית, אַן אַנדערע באַאַרבעטונג פון מאָטיוו.

* שטיי איך אויף און עפן אים!
מיראַ טריפן מיינע הענט,
פון די פינגער טריפט מיר מיראַ
אויף די קעפּלעך פון די רינגל.

---

כ'האָב געעפנט מיין געליבטן, —
אַוועקגעשליכן און פאַרשוואונדן, —
מיין געליבטער!
* און מיין זעל איז דאָך פאַרגאַנגען
ביי זיין שמים!
זוך איך אים, געפין אים נישט!
* רוף איך אים, ער ענטפערט נישט!

באַגעגענען די וועכטער מיך,
* די, וואָס קרייזלען אין די גאַסן!
שלאָגן מיך, ביילן מיך!
* רויבן מיר דעם שלייער צו,
די היטער פון די מויערן!

---

באַשווער איך אייך,
ירושלימס טעכטער!
טרעפט איר אים,
דעם געליבטן מיין,
* וואָס זאָגט איר אים? 1)
* — איך בין ליבעס־קראַנק!

---

1) (זאָגט אים:)

— וואָס איז דיין פריינד
צווישן פריינד,
דו שענסטע פרוי,
וואָס באַשווערסט דו
אונז אַזוי?
— לויטער איז, מיין פריינד, און ראָז,
אונטער טויזנטער די פּאָן! [1]
לויטער גינגאָלד איז זיין קאָפּ,
און די לאָקן — ראָבן שוואַרצע!

די אויגן־זיין — טויבן ביי די וואַסער־קוואַלן.
פולע, באָדן זיך אין מילך!
* און די באַקן — ווייררויך־בייטן,
דופטנדיקע ווייררויך־היגל,
און די ליפּן, ווי די רויזן;
מיראַ פליסן ויינע ליפּן!

ויינע הענט — גאָלדן־וואַלצן,
מיט טאָפּאַזן אויסגעפילט!
די שטאַטור — אַן עלפנביין,
מיט סאַפּירן אויסגעדעקט!
און די שענקל — מאַרמאָר־זיילן,
* אויף גינגאָלדענעם געשטעל!

די געשטאַלט פון אַ לבנון,
און די וואוקס איז פון אַ צעדער!

1) דער הנכסטער, שענסטער.

און זיין גומען — זיסיקייטן
און אַ גליסטונג ער איננאַנצן!

---

אָ, דאָס איז מיין פריינד,
דאָס איז ער,
מיין געליבטער,
אָ, איר טעכטער ירושלימס!

---

— און וואו איז דיין פריינד געגאַנגען,
שענסטע צווישן פרויען?
וואו האָט זיך געווענדט דיין פריינד, —
זוכן וועל׳מיר אים מיט דיר!

— צו זיין גערטל האָט גענידערט,
דער געליבטער־מיין,
צו די ווייררויך־בייטן, —
ווײדן וועט ער אין די גערטן,
און זיך קלייבן וועט ער רויזן,
* איך בין מיין פריינדס,
* מיין פריינד איז מיין, —
דער, וואָס פיטערט צווישן רויזן [1].

---

1) רעפרען.

.12

שיין ביסט דו,
פריינדין מיינע,
* תרצה=גלייך!
ווי ירושלים ליבלעך,
און אָפּשרעקיק [1]) ווי באַפאָנטע! [2])

ווענד אָפּ פון מיר די אויגן דיין,
זיי איבערוועלטיקן מיך!
אַך, די האָר — די געמזן=הערד,
וואָס גליטשט אַראָפּ פון גלעד=בערג!

און די ציין, די לעמער=הערד,
* אָקאָרשט=ערשט פון וואַש אַרויס,
ווי צונעפּאַסט און אָן אַ פעל!
און פון אונטער דער הויב די שלייף —
אַ גראַנאַטן=שניט!

1) נישט צונענגלעך, נישט צוטריטלעך, שמאַלץ, אָפּ-וויזנדיק.

2) פלעצער, באַנער-פלעצער, וואו צו גיין איז נישט ערלויבט.

### 13 [1].

זעכציק זענ׳ען די קעניגינס,
די קעבס־ווייבער — אַכציק!
יונגפרויען — אָן אַ צאָל!

איינע נאָר מיין ציכטיקע טויב,
איינע ביי איר מוטער אויך,
ביי איר געבערערין — אַ קלאָרע!

די יונגפרויען זעען
און לויבן זי!
די קעניגינס, ביישלעפערינס
באַוואונדערן:

— ווער איז די,
וואָס שטראַלט, ווי מאָרגנגלאַנק,
און איז ליבלעך, ווי דער מאָנד.
און איז לויטער, ווי די זון?

---

### 14.

* צום ניסן־גערטל נידער איך,
איך וויל דאָס גרינס אין טאָל באַזעען!

---

1) צווישן דער און דער שפעטערער סטראָף וואָלט גע־פאַסט די ערשטע פון זיבן.

צי האָט דער וויינשטאָק אויפגעבליט
און די מילגרוים קנאָספּט?

ווייס איך דען,
* וואָס מיין זעלע מאַכט פון מיר,
ווי די וואָגנס עמינדיבס! 1)

---

15 2) *).

קער זיך אום,
ווענד זיך אום,
אָ, שולמית! 3)

קער דיך, ווענד דיך,
לאָז דיך זען!

— וואָס זעט איר דען,
וואָס געפעלט אייך אין שולמית,
ווען זי גייט דעם קריגער=טאַנץ? 4)

— ווי שיין עס זענען דיינע טריט,
נדיבס טאָכטער 5), אין די שיך!

---

1) אַזוי לייכט און באַוועגט.

*) די באמערקונגען 2, 3 און 4 זיינען אין דער אויסגאבע פון שיר השירים אונטער פינסקים רעדאקציע, דורך א דרוק-פעלער ארויסגעפאלן.—רעד.

5) מעגלעך: פירסטן-טאָכטער.

די רונדן פון די היפטן־ביין —
רינגען פון אַ מייסטער־האַנט!
און דער נאָפּל גלייך דעם בעקן
פון מאַנד, דעם פולן, אָן אַ פעל!
* און דער לייב — אַ ווייצן־נאַרב!
* מיט דער רויזן־שנור געגורט!

די בריסטן־דיין, אַ רעהען־פּאָר,
אַ יונגער הירשן־צווילינג־פּאָר!
און די אויגן, ווי די קוואַלן
וואָס ביי חשבון! —
ביי דעם טויער פון בת רבים!
די נאָז—דער טורעם פון לבנון,
* דער, וואָס אויף רמשק קוקט!

און אַ כרמל־באַרג דער קאָפּ,
די פריזור אין פּורפּור־בענדער —
אַ קעניג,
אין רענאַליען געשנירט!

---

אַך, ווי שיין,
ווי זים די ביסט,
די פאַראייניקונג
פון ליבשאַפט און געגום! (1)

---

1) קונבט־געגום.

דיין געשטאַלט — דער פּאַלמען=בוים,
און די בריסטן — טרויבן=גינטער!
גליסט מיך שטייגן אויף מיין פּאַלמע,
זאָלן דיינע בריסטן זיין,
ווי די טרויבן=שטראַנגען!
דיין אָטעם=דופט — עפּל=דופט!

(שולמית:)

איך געהער מיין פריינד,
און איך בין זיין באַגער!

אַ, קום, פריינד,
לאָמיר גיין אין פעלד אַריין!
נאַכטן אין די דערפער!

און זיך פעדערן באַגינען
צו די ווייַנבערג.
* זען, צי דער ווייַנשטאָק בליט,
און דאָס גרינס האָט אויפגעשפּראָצט
און עס קנאָספּן די גראַנאַטן, —

דאָרט גיב איך מיין
ליבשאַפט דיר!

---

אויפגעדופט דער ליבעס־עפל[1]
אויף אַלע טירן — זיסע פרוכטן,
אַלט און ניי; פאַר דיר, מיין פריינד,
אויפבאַוואַרט!

---

16 [2].

* וואָלט מיר דיך ווער
* פאַר אַ ברודער געמאַכט,
וואָס געזויגן האָט
פון מיין מוטערס ברוסט!

און באַגעגן איך דיך אין גאַס,
קוש איך דיך, —
מען שענדט מיך נישט!

* פיר איך דיך,
* ברענג איך דיך
אין מיין (מוטערס)*) הויז,
לערנט די מוטער מיך,
ווי צו לאָבן דיך
מיט ווייַן געקאָכטן
מיט מיין מילגרוים־זאַפט!

---

1) דודאים — מזלדיק צו ליבע, ווי אויך צו קינדער, ווי ווייסער.

2) יונגפרוילעכע בענקשאַפט, פרוימען, גלוסט־נגען.

*) די קלאמערן פון פרצן—רעד.

און אונטער מיין קאָפּ
איז זיין לינקע האַנט, —
מיט זיין רעכטער האַנט
האַלזט ער מיך אַרום!

איך באַשווער אייך,
ירושלימס טעכטער,
* וועקט זי נישט,
* וועקט די ליבע נישט,
ביז זי בליט נישט
אויף אַליין!

אַך, ווער שטייגט עס
אויף פון מדבר
און זי שמיגט זיך
צו איר ליבסטן?

„אונטערן עפּל האָב איך דיך געוועקט,
וואו דיין מוטער האָט אין ווייען
דיך געהאַט"...

נעם מיך צו דיין האַרצן צו,
ווי אַ זיגל!
ווי אַ זיגל צו דיין אָרעם דריק!
דען שטאַרקער ווי דער טויט איז די ליבע,
ווי דער אָפּגרונט איז איר אייפער!

* וואַסערן פיל
וועלן די ליבע נישט פאַרגינען,
טייכן נישט פאַרפלייצן!
און זאָל אַ מאַן
זיין גאַנץ פאַרמעג פון הייז
פאַר ליבע ביטן, —
מען לאַכט אים אויס!

---

17 [1].

„אַ שוועסטער אַ קליינע האָבן מיר
* און קיין בריסטן האָט זי נישט! [2]
וואָס טו׳מיר מיט דער שוועסטער, דאַן
ווען עס וועַ(ר)ט פון איר גערעדט? [3]

איז זי אַ מויער [4], בוי׳מיר אויף איר
פון זילבער אַ טורעם! [5] —
אויב אַ טיר — אַן אָפּענע [6]

---

1) שפּאַס־קער ווערבונגס־ליד.
2) דאָס טראַכטן אירע ברידער, וואָס צירנען איר.
3) מע וועט פאַרלאַנגען זי.
4) גאַנץ — נאָך יונגפרוי, די „וויינבערג־היטערין״.
5) כלה־שמוק אויפן קאָפּ, ווי די קרוין חתן־שטיק.
6) „דלת״ — די טיר־עפענונג.

פאַרקלאַפּ'מיר זי
מיט אַ צעדער=טאָוול! [1]

* — איך בין אַ מוּיער,
בריסטן האָב איך,
ווי די טורמען!

* זע איך אין ויינע אויגן אוים
* ווי די שטיפ(ט)ערין פון פרידן! [2]

---

אַ וויינבערג אין בעל=המון האָט
שלמה געהאַט!
דעם וויינבערג=היטער אָפּגעגעבן!
ברענגט אים יעדער פאַר זיין פרוכט
* טויזנט זילבער=שטיק!

דער וויינבערג מיין איז מיר פריי!
און די טויזנט, שלמה — דיין!
הונדערטער צוויי —
פאַר די היטער פון זיין פרוכט! [3]

---

1) שליסן מיר זי אָפּ, פּילייכט אויך ווירקלעכער גע-פרויך אין אַזאַ פאַל, אַלס שאַנד-סימבאָל.

2) גליק-אָנזאָגנדיקע.

3) פאַראַבאָל. זי זאָגט זיך אָפּ פון איר כלה-אָפּצאָל, נאָר צוויי הונדערט פאַר די ברידער, אויסקויף-געלט.

.18 (¹)

— אָ, דו, וואָס אין די גערטנער וויננסס,
קאַמעראַדן הערן זיך צו,
לאָז דיך הערן!

— אַנטלויף, פריינד!
זיי די רעה,
דער יונגער הירש
איבער די ווײַרויך-בערג.

---

1) ספילנג.

# צווייטער וואַריאַנט.

שיר השירים אשר לשלמה
שלמהם ליד דער לידער.

# פאָרוואָרט.

דאָס בוך, ווי די לעגענדע פאַרציילט, האָט געזאָלט „באַהאַלטן״—פאַרניכטעט ווערן. אין געפאַנגענשאַפט אַריין דאַרף דאָס פאָלק מיטנעמען זיינע הייליקע ביכער, זיין ביבל; דאָס ווערק פאַסט אין דער ביבל נישט אַריין...

איז אָבער אַרויס אַ בת־קול:

— אַל תגעו במשיחי!

„רירט נישט מיינע געזאַלבטע!״

האָט מען דאָס ווערק געלאָזט; די פאַרשידענע טעקסטן רעדאַגירט, פיליכט דאָך עפּעס געמינדערט, געשטראָכן דאָס גאַנץ, פון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, אוממעגלעכע, און מיר האָבן דאָס בוך.

מען האָט עס נאָר פאַרשלייערט אין רעליגיעז־סימבאָלישן שלייער: — מיר נעמען אים אַראָפּ און עס פאַלט אַ רעטראָספּעקטיווע פלאַם אויף אַ גאַנץ אונז אומבאַקאַנט ווינקל פון אַלט־העברעאישן לעבן.

אַ לעבן פון נאַטור, און די נאַטור ווערט נישט געשילדערט מיטן ברכי־נפשי־סטיל, אַלס אַ לויב פאַר גאָט און אַ דאַנק פאַר זיינע וואונדער. די נאַטור—„אַן און פאַר זיך״! אָבער אויך נישט געצנדינעריש־אונטערטעניק, נישט פאַרגעטערט—דער מענטש שטייט איבער דער נאַטור אין געניסט זי, אירע שיינהייטן, אירע טיערע אין פעלד, בלומען אין גאָרטן, דעם וויין פון איר וויינבערג, אין די זיסע פרוכט פון איר גערטנער. און עס איז די געגנט פון

חרמון. איבער נערמנער — די וויינבערג, איבער די וויינבערג — דער נאַקעטער פעלז (דער מדבר). די געגנט פון בעל-המון, וואו שלמה האָט זיינע וויינבערג, וועלכע ער באַזוכט און וואו ער טרעפט שולמית...

דאָס איז אַ לעבן פון וויין, ווייב, געזאַנג און טאַנץ: שולמית זינגט, שולמית טאַנצט. אַנטציקט רופט שלמה: ווי שיין די ביסט, ווי זיס די ביסט, די ליבע מיט פאַרוויילונג...

און די ליבע וועקט זיך גלייך מיט דער נאַטור, מיטן פרילינג, ווען דאָס גרינס שפּראָצט, דער פייגנבוים קנאָספּט, דער וויינשטאָק גרינט, די טורקלטויב לאָזט זיך הערן — די „צייט פון געזאַנג״, שפּיל (די שטעלע: כאַפּט אונז די פיקסלעך איז אַן צווייפל אַ ברוך פון אַ גאָרטן-שפּיל) און — ליבע.

און געליבט ווערט דער לייב. דער מענער-לייב אין זיין שיינקייט, געזונטקייט, ליבלעכקייט און ריינקייט. אין דעם לעצטן זין איז זי די טויב — „יונתי תמתי״. --

דער לייב איז קנאַפּ באַקליידט; דערמאָנט ווערט נאָר: כתונת — דאָס קלייד, פילייכט נאַכט-קלייד, און שמלות — די טיכער. דער קאָפּ ווערט געצירט און דער האַלז מיט שפּאַנגען, געהענגען און בענדער מיט שנירלעך. דער גאַנצער לייב געריייניקט מיט איילן און געווירצן, די תמרוקי הנשים, וואָס שפּילן אין מגלת-אסתר אַזאַ גרויסע ראָלע. די מענער זאַלבן זיך — דאָס פאַרלאַנגט דער אָריענט מיט זיינע היצן. —

און די יוגנט (פילייכט נאָר די קעניגלעכע?) וויילט זיך יעדן אָוונט אין געשלעכטלעך-געמישטער געזעלשאַפט, „זין״, „טעכ-טער״ און אַזוי יונגע רויען. יעדער יונגער-הער קלייבט זיך זיין געזעלשאַפטערין; אַלס צייכן, אַז ער ווילט זי, פלאַנצט ער איבער איר זיין פאָן, מיט דער אויפשריפט „ליבע״, ווערט צוואַ-מען זיך געוויילט, געשפּילט, געטאַנצט, געזונגען.

עס איז דאָך נאָר פריינדשאַפטלעכקייט, דער אָריענטאַ-לישער פלירט. מען באַשווערט ביי רעהען און הירשן אין פעלד, (ליבעס-פּראָטעקטאָרן, ווי חולדה ובור, די היטער פון טרייהייט),

מען זאָל די ליבע פריציימיק נישט וועקן... און אַזוי גייט עס ביז שפעט, ביז מען געזעגנט זיך אויף איבערן טאָג, וואָס טרייבט מיט זיין זון די יונגפרויען אין די פאַרגימערטע הייזער אַריין, און די הערן צו די שאָטן פון די בערג. דער אָפשיד־רעפרען: „עד שיפוח היום״... ביז דער טאָג וועט (צומאָרגנס) נישט קילן.

די פאַעמע לאָזט זיך טיילן אין 9 טייל מיט אַ צוויי־סטראָפיקן עפילאָג.

די פאַבולאַ: שולמית, נדיבס טאָכטער, (פיליבכט עמי נדיבם, דער קינסטלער פון וועגן) ברענגט אויף זיך דעם צאָרן פון אירע ברידער, וואָס הערשן, אין דער פּאַליגאַמישער אָרדנונג, אין מוטערהויז און זיי „מאַכן זי״ פאַר אַ היטערין פון וויינבערג. זי פאַרלאָזט זיך און איר שיינקייט, די זון ברוינט זי. זי איז דאָך נאַטור־שיין, און שלמה, קומענדיק אין איינעם פון זיינע וויינבערג, אין באַגלייט פון הערן און „ירושלימס טעכטער״, וואַרפט אויף איר אַן אויג. ערדרייסט ערקלערט זי אים איר פריינדשאַפט. בעט, ער זאָל זי נעמען צו זיך, אין זיינע קאַמערן. עס געשיט. וויין־אויפנאַמע ביי שלמה, אין די וויינבערג־קאַמערן, פאַר שולמית און אירע געזעלינען, אין געגנוואַרט פון שלמהס באַגלייט. שולמית גייט אָפ זיך שיין מאַכן, איילן און ווירצן מיט „תמרוקי הנשים״ און קומט זיך צוזאַמען מיט שלמה ביים וויין־טיש, איפן טרינק־לאַגער. נייע ערקלערונגען. — דאַן קימט ווינטער. שולמית אין פאַרגיטערטן מוטערהויז בענקט, טרויעט פון שלמה, באַזוכט אים אין ירושלים, טאַנצט פאַר אים; שלמה קריגט זי ווירקלעך ליב. ער פאַרלאַנגט זי. זי רופט אים צו זיך אין די דערפער אַריין, דאָרט קען ערפילט ווערן זיין פאַרלאַנג. איר איינלאַדונג ווערט אָנגענומען. זיי טרעפן זיך, הייסע ערקלערונג אין ליבע, — שלמה קומט זי אָפקויפן ביי די ברידער. די ברידער, וואָס האָבן זי פאַר אַ היטערין געמאַכט, ווייסן נישט, צי זי איז רייף צו ליבע און צי זי איז ריין; צי קען מען זי געבן אַלס „טאָכטער״ פאַר אַ פרוי אָדער ווען זי (איז) שוין נישט אומשולדיק, פאַרקויפן פאַר אַ שקלאַפין. שולמית רופט אויס: „איך בין רייף און איך בין ריין!״ — און

זאָגט זיך אָפּ פון כלה־גאָב, פאַרלאַנגענדיק נאָר אויסקויף־געלט ביי די ברידער.

דאָס אַלץ אָבער ווערט געזונגען אין וויינהויז, פון דער „גאַרטן־זיצערין"—פון אַיין אַרט אַלט־העברעאישער „גסישאַ". דער עפּילאָג: מען פאַרלאַנגט פון איר נאָך לידער, זי זאָגט זיך אָפּ, געזעגנט מיט דער פאָעטישער פ אָרם: ברח דודי ודמה לך לצבי.

---

# פראַגמענט פון אַ צווייטן פאַרבריימעַרטן פאָרוואָרט.

דאָס בוך האָט געזאָלט, ווי אין תלמוד ווערט פאַרציילט — „באַהאַלטן“, איינגנטלעך — פאַרניכטעט ווערן. דאָס פאָלק דאַרף מיטנעמען מיט זיך אין גיפאַנגענשאַפט די הייליקע ספרים — די ביבל; דאָס ווערק פאַסט נישט דערצו, עס פאַסט אויך נישט פאַר דער עקסטערמינענטער טראַגישער שטימונג — עס האָט געהאַלטן ביי פאַרשווערן זיך קעגן געשלעכטלעכע באַציאונג. אָן ציון אין זיינע הייליקייט, נאָך וואָס לעבן, נאָך וואָס מערן און פרוכפערן זיך? קען פאַסן צו דער שטימונג דאָס בוך פון ליבע?

האָט אָבער געזאָלט אַרויס אַ בת-קול:

„רירט נישט מיינע געזאַלבטע“ — אַל תגעו במשיחי...

עס איז דאָך שיר-השירים אשר לשלמה!

איז נאָר געקומען די הייליקייט און האָט דאָס קוים געראַטעטע בוך פאַרהילט מיט אַ סימבאָליש-רעליגיעזן שלייער; עס איז אַ משל צו דער ליבע פון כנסת ישראל צום רבונו-של-עולם; צווישן זיי אַ דועט. די קירכע האָט עס איבערגעמאַכט אויף קריסטוס-ליבע.

נעמט אָבער אויף אַ ווײַלע דעם שלייער אַראָפּ, באַווייזט זיך אַ פלאַמיק ליכט, אַ רעטראָספעקטיווע פלאַם-ליכט אויף אַ גאַנץ פאַרגעסן ווינקל פון אַלט-העברעאישן לעבן... פיליכט נאָר פון לעבן אין הויף, אין שלמהס הויף, וואָס איז באַרימט מיט זיין רייכטום, „טויזנט“ ווייבער און פאַרשווענדערישן הויף. דער טעקסט דערמאַנט אָן „זעכציק קעניגינס, אַכציק קעפּס-ווייבער און „יונג-פרויען“ אָן אַ צאָל... אָן „ווײַנהויז“, ווײַן-אויפנאַמען: ווײַן, עפּל און

זיסע, געפּריקנטע, ווי פרישע זיסע פרוכטן... 1) פון געמישטער געזעלשאַפט אין וויינהויז 2), טרינק-לאַגער, 3), געזאַנג 4), שפּיל 5) און טאַנץ 6)...

דאָס איז אַ בוך: „שיר השירים" — דאָס געזאַנג פון גע-זאַנגען, ליד דער לידער.. און געזונגען ווערט עס, קענטיק, פון איין אַלט-העברעאישער „געישאַ" — פון דער גאָרטן-זינגערין, וואָס שלמה מיט זיינע קאָמעראַדן ווערן נים מיד הערנדיק אין פאַרלאַנגען נאָך.. עס טאָגט אָבער, דער הייסער אָריענט-טאָג צעטרייבט די פריילעכע געסט אין די שאָטן אַריין, אין געצעלטן אָדער בערג... די געישאַ געזעגנט זיי אָפּ: „קער דיך אום, פריינד, זיי גלייך דעם הירש, אָדער דעם יונגן רעה אויף די קליפן אין די בערג"...

די זון-צייט, וואָס ווערט באַצייכנט מיט די אָנזעטיקע שאָטן, וואָס לייגן זיך אויף דער זון, איז נים די ליבע-צייט... די געליבטע געזעגענען זיך —

ביז דער טאָג ווערט אָפּגעקילט
אין די שאָטן וועלן וויכן...

ביז דער אָוונט קומט, וואָס זויגט די שאָטן איין און קילט דעם טאָג...

עס איז אַ פריילעך נאַטור-לעבן...

---

1) תפוחים: פרי מגדים; חדשים, גם ישנים, אזוי ווי „לחם" — ברויט, איז אין דער ביבל די באַצייכענונג פון דער מאָלצייט, איז יַין—וויין, ענלעך צו אונזער טיי, די באַצייכענונג פאר דער גאַנצער אויפנאַמע ביים וויין. 2) עד שהמלך במסבו... עלמות את בנות ירושלים... 3) אין פרייעם. אף ערשנו רעננה. — דאָ איז ערש דאָס זעלבע, ווי מטות אין מגלת-אסתר— טרינק-לאַגער; הסבה-בעטן—„העסע-בעטן"... 4) שעפער-לידער, ווי „אני חבצלת השרון", א. ד. ג. 5) אחזו לנו שועלים... 6) שולמית-טאַנץ.

און די נאַטור ווערט געשילדערט מילד, ליבלעך אין פאַר זיך אַליין, פאַר איר שיינקייט און ליבלעכקייט, ניט אין סטיל פון „ברכי נפשי" אין אַנדערע תהילים-שטעלן, אַלס אַנטפּלעקונג פון גאָטס וואונדער אָדער זיין גוואַלטיקער הערשאַפט... אָבער אויך נישט גריכיש, געצנדינעריש-אינטערטעניק. דער מענטש איז איבער דער נאַטור, געניסט זי, איר שיינקייט, אירע פרוכטן...

מיט דער נאַטור צוזאַמען וועקט זיך די ליבע; מיטן פרילינג, ווען דאָס גרינס הייבט אָן צו שפּראָצן, קנאָספּן — דער פייגנבוים; ווען דער וויינשטאָק גרינט און די טורקלטויב לאָזט זיך הערן איבערן לאַנד...

און די ליבע איז די געזונטע, ערלעכע, די ליבע פון שיינעם געזונטן לייב. — ער ווערט געליבט פאַר זיין שיינקייט און מענלעכער קראַפט, זי—פאַר איר געזונטער ריינער שיינקייט פון לייב און אַלע זיינע גלידער...

עס איז דאָך דער קנאָפּ-באַקליידעטער, היים-זוניקער אַרייענט... מענער-קליידונג ווערט גאָרניט דערמאַנט, נאַקעט ווערט ער געמאָלט: פון פרויען-קליידער — דאָס קלייד (וואַרשיינלעך נאַכט-קלייד — כתונת) און די טיכער (שמלות)... אַלס שמיק-בענידער, געהענגען, קייטעלעך און שנירן און „צמה"—וואַרשיינלעך פון „צום", זאַמלען - דער האָרזאַמלער, קענטיק אַ שלייער, וואָס פאַרדעקט די אויגן, ווייל פון אַלע גלידער ווערן נאָר די אויערן ניט געשילדערט; ביין אַזויפיל פאַרב פאַר די אויגן און זאַגאַר פאַר דער נאָז...

וויכטיקער פאַר קליידער זענען די זאַלבן, די אײלן, אַזוי ביים „געליבטן", וואָס זיין נאָמען — זיין לויב, צעגייט זיך ווי אַ תורק-אייל, קענטיק דער דעמאָלטיק בעסטער, און וואָס זיינע אײלן זענען אַזוי אָנגענעם צום גערוך... ווי און נאָך מער ביי דער געליבטער; פאַרגלייכט מיט די תמרוקי הנשים פון מגלת אסתר... פיל געווירצן זענען פאַרהאַן היימישע, און אימפּאָרטירטע דורכן הענדלער. און צום לויב פאַר דער געליבטער ווערט פאַרצייכנט, אַז אירע היימישע זענען בעסער, פיינער...

---

## .I

### באגעגענונג.

| | |
|---|---|
| ישקני מנשיקות | * זאָל ער קושן מיך |
| פיהו | * קושן מיט זיין מויל! |
| כי טובים דודיך | דען בעסער פאַרן ווייַ |
| מיין ! | איז דיין ליבּלעכקייט ! |
| | |
| לריח | און די איילן-דיין, |
| שמניך טובים. | צום גערוך ווי ליב ! |
| שמן תורק — | * און דיין נאָמען 1) שיין |
| שמיך ! | אייטל תורק-אייל ! 2) |
| על כן | דעריבער האָבּן דיך |
| עלמות אהבוך. | די יונגפרויען 3) ליב ! |

---

1) נאָמען—לויב : „שם משמן טוב״. אויסערן צופעליקן, פון דער מוטער געגעבענעם נאָמען, קומט דערנאָך מיט די יאָרן דער פארדינטער אָדער פאסיקער צום לעבן (נָעמי—מָרה). שלמה—פרידן-קעניג ; שפעטער : — קהלת — דער זאמלער. שולמית — די געהעריקע צו שלמה און די שטיפטערין פון פרידן (צווישן איר און אירע ברידער) און שלמה—צופרידנהייט (מוצאת שלום).

2) אָדער צעגאָסענער.

3) יונגפרוי—עַלְמָה. עֶלֶם, עלמה—מענלעכע און ווייבּלעכע יוגנט, נאָך (בהעלם) אָן א נאָמען, ער—גאָרנישט געשאפן; זי נעהער צו קיינעם.

| | |
|---|---|
| משכני | * אָ, צי מיך, צי 1), |
| אחריך נרוצה! | * מיר לויפן דיר נאָך! |

(איר פארלאנג געשיט. שלמה פירט זי און אירע געזעלינען אין זיינע קאמערן. וויין־אויפנאמע אין געגנווארט פון קעניגלעכן באגלייט פון הערן און ירושלימס טעכטער).

שולמית.

| | |
|---|---|
| הביאני | * ברענגט דער קעניג מיך |
| המלך חדריו | * אין זיינע קאמערן, — |
| נגילה | * וועל' מיר לוסטיק זיין, |
| ונשמך בך! | * פרייען זיך מיט דיר. |
| נזכירה | דערמאָנען 2) וועלן מיר, |
| דודיך מיין | * נישט אַזוי דעם וויין, 3) |
| מישרים | ווי דיין ליבלעכקייט, — |
| אהבוך, | טרייע ליבן דיך, |

(צו ירושלימס טעכטער געוועגדט).

| | |
|---|---|
| שחורה אני ונאוה | * שוואַרץ בין איך, דאָך שיין, |
| בנות ירושלים | * ירושלימס טעכטער! |
| כאהלי קדר | * ווי די קדר־געלטן, |
| כיריעות שלמה, | * ווי די פאָרהענג שלמה(ס). |

(טאָן־ענדערונג — שטאָלצער).

| | |
|---|---|
| אַל תּראוני שאני שחרחורת | * קוקט נישט, וואָס איך שוואַרצלעך בין, |
| שזפתני השמש. | * מיך האָט אָפּגעברענט די זון! |

---

1) ציען—נעמען, „משיכה".

2) מיט דאַנקבארקייט.

3) ווי „לחם"—עסן, אזוי וויין, ענלעך צו אונזער טיי—די אויפנאמע. וויין און זיסיקייטן. —

| | |
|---|---|
| בני אמי | נעצירנט האָבן מיר |
| נחרו בי | * מיינער מוטער-זין 1), |
| שמוני | פאַר אַ היטערין |
| נוטרה את הכרמים ! | צום וויינבערג מיך געשטעלט! |
| כרמי שלי | און איך האָב מיין אייגענעם |
| לא נטרתי ! | וויינבערג 2) נישט געהיט ! |

(צו שלמה סימבאָליש : וואו, ליבער, טרעפט מען דיך ?).

| | |
|---|---|
| הגידה לי | * — אַך זאָג מיר, דו, |
| שאהבה נפשי | * וואָס מיין זעלע ליבט ! |
| איכה תרעה, | * וואו פיטערסט דו, |
| איכה תרביץ | וואָס (וואו?—רעד.) לאַגערסט דו |
| בצהרים ? | * צו מיטאָג-צייט ? |
| שלמה | עס זעט ביי לייטן אויס, |
| אהיה כעוטיה | איך לויף 3) די הערטן נאָך |
| על עדרי חבריך ? | * פון דיינע קאַמעראַדן ! |

ש ל מ ה

(אין זעלבן טאָן).

| | |
|---|---|
| אם לא תדעי לך | — אויב דו ווייסט עס נישט, |
| היפה בנשים | * שענסטע צווישן פרויען ! |
| צאי לך בעקבי | * גיי די צייכן נאָך |
| הצאן | * פון די שעפּלעך-טריט, |

---

1) עכטע ברידער און שוועסטער זענען ביי פּאָליגאַמיע נאָר די פון איין מאַמען. צווישן אמנון און תמר קען זיין ליבע. אזעלכע ברידער הערשן אין מוטער-הויז אויפן אָרט אָדער אינם נאָמען פון פאָטער, איבער מוטער און שוועסטער. זיי ציכטיקן, זיי גיבן אויס די שוועסטער, באַקומענדיק אויסקויף-געלט.

2) איר פרויען-שיינהייט.

3) עוטיה=עטה אל השלל.

| | |
|---|---|
| ורעי את גדותיך | פיר דיינע ציקעלעך |
| על משכנות הרועים! | צו די שעפער-צעלטן! |

(טאָן-ענדערונג).

| | |
|---|---|
| לסוסתי | צום פערדל מיין |
| ברכבי פרעה | ן'וואָגן פרעהס 1), |
| דמיתיך | * גלייך איך דיך, |
| רעיתי! | אָ, פריינדין מיין! 2) |
| נאוו לחייך | שיין זענען די באַקן דיין *) |
| בתורים | אין די קייטאַלעך, |
| צוארך בחרוזים. | * און דיין האַלז אין שנירן. |
| תורי זהב נעשה לך | * גאָלדענע קייטאַלעך מאַכן מיר דיר |
| עם נקודות הכסף. | * מיט זילבערנע פליטערלעך! |

(ביי די שעפער-צעלטן. אין פרייעם. שולמית ווארט דעם קעניג. נאָך דער רייניקונג פון לייב (תמרוקי הנשים אין מגילת אסתר)

**)

שולמית.

| | |
|---|---|
| עד | ווילט דער קעניג נאָך |
| שהמלך במסבו | * מיט זיין באַגליים, |

---

1) דאָס עלעגאַנטסטע שענסטע איז דאָן פערד- און וואָגן. שלמה ברענגט זיך פרעהס וועגן פון מצרים. באַרימט זענען עמינדיבס וועגן (ווי שפּעטער), פילייכט שולמית'ס פאָטער (בת נדיב). מען מוז זיך דערמאָנען אָן „אָבי אָבי רכב ישראל ופרשיו".

2) רעיה — שעפערין, פריינדין; ווי רועה — שעפער, פריינד, געליבטער. פארגלייכונג פון שעפער-ליבע, וואָס האָבן קענטיק דיזעלבע ראָלע געשפּילט און מוסטער געווען, ווי ביי אונז אין מיטלאַלטער.

*) (ווי—אויסג.) שיין די באַקן דיינע (זענען—אויסג.).

**) דאָ קומט אין מאַנוסקריפּט א פארמעקסטער לאַטי-נ. ציפער II, וואָס באַ-צייכנט דעם קאָפּ.—רעד.

נרדי
נתן ריחו,

אין אויפגעדופט
האָט מיין מיראַ שוין!

צרור המור
דודי לי —
בין שדי ילין.

אַ בינטל מיראַ איז ער מיר
דער געליבטער מיין,
* וואָס צווישן מיינע בריסטן רוט! 1)

אשכול הכופר דודי לי
בכרמי עין-גדי.

* אַ באַלזאַם-שטענגל איז ער מיר
* פון עין-גדים וויינבערג.

## ש ל מ ה.

(אַנגעקומען).

הנך יפה, רעיתי,
הנך יפה!
עיניך — יונים!

* שיין ביסט'ו, פריינדין מיין,
* שיין!
די אויגן — טויבן! *)

## ש ו ל מ י ת.

הנך יפה, דודי
אַף נעים
אף ערשנו רעננה,

* שיין ביסט'ו, פריינד דו מיין,
* און זיס!
פריש-גרין איז אונזער בעט 2) **)

---

1) דאָס מירא-בינטל!

*) די אויגן—טויבן (גלייך—אויסג.).

2) טרינק-לאַגער, ווי די מטות זהב וכסף פון מגילת אסתר.

**) און פריש-גרין איז אונזער בעט.

| | |
|---|---|
| קורות בתינו — | און די באַלקן פון געהויז |
| אַרזים, | זענען צעדער, |
| רהיטנו ברותים ! | גאַלעריען פון ציפּרעסן ! 1) |

*).

(אין ווייגהויז).

שולמית — שלמה.

(טיש-ליעד ; דועט).

שולמית.

| | |
|---|---|
| אַני חבצלת השרון | * — איך בין די ליליע פון שרון ! |
| שושנת העמקים. | * איך בין די רויז פון טאָל ! |

שלמה.

| | |
|---|---|
| כשושנה בין החוחים | * — וואָס די רויז איז צווישן דערנער, |
| כן רעיתי בין הבנות. | * איז מיין פריינדין צווישן מעכטער 2). |
| כתפוח בעצי היער | * — וואָס דער אַפּעלבוים 3) אין וואַלד, |
| כן דודי בין הבנים. | איז דער פריינד-מיין צווישן די זין ! 4) |

---

1) דאָס פרייע.

*) ראָ קומט אין מאנוסקריפּט אַ פּארמעקסטער לאטיינישער ציפער III, אלס באצייכענונג פון קאפּיטל.—רעד.

2) די „יונגפרוי" איז די ליידיקע, די „טאָכטער"—די אדעליקע, פּאטריציערין. „אַ טאַטנס אַ קינד".

3) פרויען-שיינהייט געגליכנט צום ווייגבערג, דעם מאַן צום בוים, דער אפּעל—דער סימבאָל פון ליבע. אפּעל-בוים—דער ליבער מאַן.

4) אין דערזעלבער באדייטונג, וואָס טעכטער, גוט געבוירענע. דער בעגנזאץ : „בן בלי שם" — אָן אַ נאָמען, מען ווייסט נישט פון וואנען ער שטאמט. אין דער מיט שטייט „עלם", נאָך זיך קיין נאָמען נישט ערוואָרבן.

בצלו חמדתי וישבתי
ופריו מתוק לחכי!

* גליטש זיך רוען אין זיין שאָטן,
שמעקן זים די פרוכטן 1) זיינע!

## שולמית.

(ליד).

הביאני
אל בית היין
ודגלו עלי אהבה.

האָט צום ווייגהויז
ער געפירט מיך,
זיין ליבשאַפט איבער מיר געשפּאַנט 2);

סמכוני באשישות
רפדוני בתפוחים
כי חולת אהבה אני.

* אַ, קרעפטיקט מיך מיט טרויבן-זאַפט
* און מיט עפּל לענט מיך אונטער,—
* איך בין ליבעס-קראַנק!

שמאלו תחת לראשי
וימינו תחבקני!

אונטער מיין קאָפּ זיין לינקע האַנט,
און מיך האַלזט אַרום זיין רעכטע.

השבעתי אתכם, בנות ירושלים
בצבאות או באילות השדה
אם תעירו,

* באַשווער איך אייך, ירושלימס טעכטער!
* ביי דעם הירש
* און רעה אין פעלד 3),
ווים נאָר שטיל,

---

1) דער מאַן — דעם בוים, זיין ליבלעכקייט, זיין ליבקויזן (לאַסקע). זיין פּרוכט.

2) קענטיק, אַלס סימבאָלישע אויסצייכענונג פלאַנצט אויף דער הער זיין פאַן „ליבע" איבער דער געווילטער. דער-פון קען שטאַמען דאָס צוזאַרפן פון טוך אין הארעם—די פאַן אָן דעם שטאָק. דגל איז דעריבער הייכן, ווילן, אויסצייכענען.

3) פאַרגלייכט מיט „חולדה ובור".

אם תעוררו את האהבה — * וועקט די ליבע נישט,
עד שתחפץ, — ביז זי וואַכט זיך אויף אַליין 1)

(אויף דער פעלזן-הייך, איבער די ווייַנבערג, געבאָרגן צווישן בערג-געשטאַפל, ווינטערט שולמית אין מוטער-הויז, אונטער פענסטער מיט קראַטן, פון פרילינג, פון גאָרטן-שפילן, פון געליבטן...)

.2

שולמית.

(בענקשאַפט).

(פון פרילינג געוועקט).

קול דודי — די שטים פון מיין פריינד !
הנה זה בא — אָט קומט ער דאָך,
מדלג על ההרים, — שפרינגענדיק איבער בערג,
מקפץ על הגבעות ! — איבער היגל היפּפענדיק !

געגליכנט איז מיין פריינד צום רעה,
צום יונגן הירש !
אָט שטייט ער שוין
אונטער דער וואַנט !

* דורך די פענסטער קוקט ער אַריין,
* דורך די גראַטן בליקט ער !

* רופט זיך אָן מיין פריינד
און זאָגט מיר :
שטיי אויף !

---

1) עָרה — אנטדעקן, אויסזאָגן, עָרור — וועקן· חָפץ — אויפשטייען (יחפוק (זנבו) אויפשטעלן).

מײַן פֿרײַנדין, מײַן שײנע,
* קום אַרױס!
* דען דער װינטער איז פֿאַרבײַ,
* און די רעגן-צײַט געװיכן!
ס'שפּראָצט דאָס גרינס, און געקומען
פֿון געזאַנגען איז די צײַט,
די טורקלטױב,
זי לאָזט זיך הערן
* אין אונזער לאַנד!

און עס קנאָספּט דער פֿײַגנבױם!
און דער װײַנשטאָק גרינט און גיסט
זײַן דופֿט אַרום!

שטײ אױף, מײַן פֿרײַנדין,
* שײנע-מײַן
איך'ס פֿרײַע גײ.

אָ, דו טױב אין פֿעלזן-שפּאַלטן,
* אין פֿאַרבאָרגענעם געשטאַפּל;
קום, באַװײַז מיר דײַן געשטאַלט,
* לאָז דײַן שטימע הערן,
דען דײַן שטים איז זיס,
* הערלעך דײַן געשטאַלט!

(צרױסגעקומען).

* כאַפּט אונז די פֿיקסלעך,
* די פֿיקסלעך די קלײנע,
די װײַנבערג-פֿאַרדערבער,
אונזער װײַנבערג גרינט!

מיין פריינד צו מיר!
איך — צו מיין פריינד!
צו דיעם, וואָס פיטערט צווישן רויזן!

ביז עס קילט זיך אָפּ דער טאָג 1),
און די שאָטן וויכן 2),
גיי דיך אוס, גלייך דיר, פריינד,
צום הירש, צום יונגן רעה
איבער קליפן פון געבירג!

---

## V *).

(בענקשאפט).

* אויף מיין געלעגער
* אין די נעכט
* זוך איך דעם, —
* וואָס מיין זעלע ליבט, —
זוך איך און געפין אים נישט!

שטיי איך מיר אויף
און וואַנדער אין שטאָט,
אין מערק און אין גאַסן,
זוך איך דעם,
וואָס מיין זעלע ליבט, —
און געפין אים נישט!

---

1) דער טאָג איז צו הייס, מען באהאלט זיך אין צי־מער, אָדער אין שאָטן פון בערג־שפאלטן.

2) די שאָטן אויף דער זון.

*) די באצייכענונג פון די קאפיטלען III און IV—פעלן אינגאנצן.—רעד.

* באַגעגענען די היטער מיך,
* די וואָס קרייזלען אין דער שטאָט, —
— האָט איר געטראָפן דעם,
* וואָס מיין זעלע ליבט?

קוים אַוועק פון זיי,
טרעף איך אים,
* דעם, וואָס מיין זעלע ליבט!

האַלט איך אים און לאָז נישט אָפּ,
צום מוטער-הויז ברענג איך אים,
אין מוטער-צימער פיר איך אים!

* באַשווער איך אייך,
* ירושלימס טעכטער,
* ביי דעם הירש
* און רעה אין פעלד!
זייט נאָר שטיל,
* וועקט די ליבע נישט,
ביז זי וואַכט נישט אויף אַליין!

---

## .VI

(טרוימערייען)

(זעט זיך אַלס ברויט, פון פעלזן-הייך, פון וויסטן,
צו שלמה שטייגנדיק).

* אַך, ווער שטייגט פון וויסטעניי,
* גלייך אין רויכיקע זיילן,
אַרומגעדאַמפט ווייערויך און מירא

און אַלע פולווערם
פונעם מענדלער ?! 1)

און אַס איז שלמהס בעט!
* זעכציק העלדן אַרום,
* פון די שטאַרקסטע אין ישראל!
* אַלע זענען שווערט־געגורטע
און באַהאַוונטע אין שטרייט:
מאַן און — שווערט ביי די לענדן,
* פאַר די שרעקן פון דער נאַכט!

* און אַ זענפט 2) האָט קעניג שלמה,
זיך פון צעדערהאָלץ געמאַכט!
* און די זיילן מאַכט ער זילבער!
* און די אָנלעגן 3) מאַכט ער גאָלד!
און פון פורפור — דאָס געזעס,
* מיט דער ליבע אויסגעבעטעט
* פון ירושלימס טעכטער!

(שלמה—נעמט זי).

קומט, נאָר קומט, ציונס טעכטער,
קומט און זעט'ן קעניג שלמה,
אין דער קרוין, וואָס די מוטער
האָט געקריינט אים,
* צו זיין האָכציימס־טאָג.
צום טאָג —
פון זיין האַרציקער לוסט!

---

1) „וואָס אימפאָרטירט אויסלענדיש שמוק, געווירצן און איילן.
2) טראָג־שטול.
3) רפידה—רכּדוני.

## .VII

(ער ליבט זי׳).

— „שיין פיסט׳ו, פריינדין מיינ
שיין!
די אויגן — טויבן צוגלייך,
פון אונטער דער באַנד 1)״.

„דיינע האָר — די געמזן-הערט,
פונעם גלעד-בערג געגלימשט!״

„דיינע ציין — די לעמער-הערט,
פון דער וואַש ערשט אויפגעשטיגן!
צווילינגער און אָן אַ פעל!״

„דיינע ליפן — פורפור-פעדים,
דיין רעדנס-אַרט, ווי אָנגענעם!
און דיין שלייף פון אונטער דער באַנד —
אַ גראַנאַטן-שטיק!״

„דער דוד-טורעם — דיין הויך און פעסט
געבויטער האַלז,
און באַהאַנגען מיט די טויזנט,
אַלע טויזנט העלדן-שילדן!״

„דיין בריבטן-פאָר — אַ רעהען-פאָר,
אַ יונגער הירשן- צווילינג-פאָר.
וואָס פיטערט צווישן רויזן!״

---

1) „צמה״ — צוֹם — זאַמלונג; צמה — די באַנד, וואָס זאַמלט די האָר.

(ער גייט).

* ביז עס קילט זיך אָפּ דער טאָג

און עס ווייכן אָפּ די שאָטן,

* גיי איך מיר צום מיראָ-בערג,

און צום ווייררויך-היגל!"

---

## .VIII

(אונט-צייט — צוריק).

— שיין ביסט'ו, פריינדין מיין,

אָן אַ פעל!

מיט מיר פון לבנון, כלה,

* מיט מיר פון לבנון קומסט דו,

* קוקסט פון אַמנה-שפיץ,

* פון דעם שניר- און חרמון-שפיץ,

* פון דעם לייבן-היים,

פון לעמפערט-געבירג!

* באַהאַרצט האָסט דו מיך,

* שוועסטער כלה,

* מיט איין אויג פון דיינע אויגן,

פון דיין האַלזבאַנד מיט אַ שנור!

* און ווי שיין דיין ליבשאַפט איז,

* שוועסטער כלה!

ווי זי בעסער שמעקט אַלס וויין,

און איבער די געווירצן אַל' —

דיינע איילן!

זיסקייט טריפן דיינע ליפן,

כלה!

האָניק-מילך איז אונטער דיין צונג,
* און דער דופט פון דיינע קליידער —
* דער לבנון-דופט!

(איר ריינקייט).

* אַ גאָרטן אַ פאַרשלאָסענער
איז מיין שוועסטער כלה!
אַ ברונען אַ געשלאָסענער,
אַ קוואַל אַ פאַרזיגלטער!

אַ פּאַראַדיס — די אָרים דיין!
גראַנאַטן-דופט, פרוכטן זיסע,
* ציפּער-בלום און נאַרד!

נאַרד, קראָקוס, קאַנאַ, שאַפראַן,
ווייַרויך אַלאָע און מירטן,
און די פיינסטע פון געווירצן!

אַ גאָרטן-ברון,
* אַ לעבעדיקער 1) וואַסער-קוואַל
פון לבנון!

* — וועק דיך, נאָרד!
* קום, זיד! 2)
* בלאָז מיין גערטל אויף,
זאָלן זיינע געווירצן פליסן!
זאָל מיין פריינד צו זיין גערטל קומען,
* און זיין זיסע פרוכט געניסן!

---

1) מים חיים — נישט אָנגעזאַמלט רעגן-וואַסער.
2) די ווינטן פון נאָרד און זיד.

(ער וועט דערנאָך צום טיש זיך זעצן
און זאָגן אין באַגלייט:)

— איך בין געווען אין מיין גערטל,
* שוועסטער כלה!
האָב מיין מירראַ דאָרט געקליבן!
און די דופטיקע געווירצן!
* און געלאָכט זיך מיט מיין האָניק,
* אין מיין זיסן ווין געטרונקען!

* עסט, קאַמעראַדן,
* טרינקט, באַרוישט אייך,
* ליבע פריינד!

---

.IX

* כלומער איך,
* מיין האַרץ איז וואַך;
די שטים,
עס קלאַפט מיין פריינד:
* — עפן מיר,
* שוועסטער ליבע,
* ריינע טויב!
* דען מיין קאָפּ איז פול מיט טוי,
און די פלעכטן פול מיט טראָפּן
פון די נאַכט!

— כ'האָב אַראָפּגעצויגן מיין געוואַנד,
ווי קלייד איך מיך?
* ריין געוואַשן מיר די פיס,
* ווי באַשמוץ איך זיי?

דורך אַ קראַטן-לאָך
שטעקט מיין ליבער דורך די האַנט, —
* ברומט צו אים מיין אינגעווייד! 1)

שטיי איך אויף
און עפן מיין פריינד,
טריפן מירא מיינע הענט,
טריפן פון מיינע פינגער מירא
איבער גריפן פונעם ריגל!

און אַז איך האָב מיין פריינד געעפנט,
מיין פריינד איז שוין אַוועקגעשליכן,
פאַרביי געגאַנגען!
* און מיין זעלע איז דאָך פאַרגאַנגען
* פון זיין שטים!

* זיך איך אים, געפין אים נישט!
* רוף איך אים, ער ענטפערט נישט!

* באַגעגענען די וועכטער מיך,
* די וואָס קרייזלען אין דער שטאָט,
ז'שלאָגן מיך, זיי ביילן מיך,
* רויבן מיר דעם שלייער צו, —
* די היטער פון די מויערן.

* באַשווער איך אייך,
* ירושלימס טעכטער,—

1) מיין אינערפלוס.

מרעפט איר מיין פריינד,
* וו אָ ס זאָגט איר אים?
(זאָגט אים:)

* — איך בין ליבעס־קראַנק!

---

— וואָס איז דיין פריינד צווישן פריינד 1)
* וואָס באַשווערסט דו אונז אַזוי?

* — לויטער איז מיין פריינד און ראָז,
* אונטער טויזנטער — די פּאָן!
און דער קאָפּ — לויטער גאָלד!
* און די לאָקן — ראָבן שוואַרצע!

די אויגן־זיין —
טויבן ביי דעם וואַסערקוואַל
* פּוּלֶע 2) *) באָדן זיך אין מילך!

* און די באַקן — ווייררויך־בייטן!
* דופטנדיקע ווייררויך־היגל!
* און די ליפּן, ווי די רויזן!
* מירראַ פלימן זיינע ליפּן!

און די הענט — וואַלצן, גאָלד
* מיט טאָפּאַזן אויסגעפילט!
* די שטאַטור — אַיין עלפנביין,
* מיט סאַפירן אויסגעזעצט!

* און די שענקל מאַרמאָר־זיילן,
* אויף גינאָלדענעם געשטעלט! (געשטעל?—־רעד.)

---

*) די ציפערלעך 1 און 2, וואָס קומען דאָ אין מאנוסקריפּט, האָבן, משמעות, וואָלט דינען אלס באמערקונגען; די באמערקונגען זיינען צו בער נישטאָ —רעד.

און דאָס אויסזען — אַ לבנון!
און דער העכסטער צווישן צעדער!

און דער טעם — זיסיקייטן!
* און אַ גלוסטונג ער אין גאַנצן!
דאָס איז מיין פריינד, דאָס (איז—אויסג.) מיין ליבער,
* אָ, ירושלים טעכטער!

---

און וואו איז דיין (פריינד?—רעד.) געגאַנגען,
* שענסטע צווישן פרויען?
* וואו האָט זיך געווענדט דיין פריינד,
מ'זאָל'מיר זוכן אים מיט דיר?

— צו זיין גערטל האָט מיין פריינד
גענידערט,
* צו די ווייררויך-בייטן,
* אין די גערטנער וועט ער ווײדן,
רויזן וועט ער קלויבן!

---

* איך בין מיין פריינדס,
ער איז מיין,
* דער, וואָס פיטערט צווישן רויזן!

---

10 (*.

שיין ביסטו, פריינדין מיינע,
* תרצה גלייך!

---

*) פון דאנען ביזן סוף וואריאנט ניט באצייכענונג פון די קאפיטלען
לוט פרצעס איינטיילונג, מיט אראבישע ציפער.—רעד.

* ווי ירושלים ליבלעך,
* און אָפּשרעקיק ווי באַפּאָנטע 1)

די אויגן־דיין ווענד אָפּ פון מיר,
דאָס האָבן מיך איבערוועלטיקט:
און די האָר — די געמזן־הערט,
וואָס גלימשט זיך אַראָפּ פון גלעד־בערג!

* און די ציין — די לעמער־הערט,
ערשט פון וואַש, און אַלע גאַנץ
און אָן אַ פעל!

און דיין שלייף פון אונטער דער באַנד
* דאָס מילגרוים־שטיק!

---

.11

זעכציק זענען קעניגינס
און די קעבס־ווייבער אַכציק,
יונגפרוים אָן אַ שיעור:

איינע איז מיין ריינע טויב,
איינע ביי דער מוטער אויך,

---

1) מען טייטשט—באפאנטע—פלעץ, וואו די קריגס־באנער שטייען, וואו מען לאזט נישט צו. געקומען דערויף: דגל—פאן, און נאך ירושלים און תרצה. קומט אבער דער פאר־גלייך אויך שפעטער פאר, נאך פארגלייכונגען מיט מארגנגלאנץ, זונען־שיין און מאנדליבלעכקייט.—עס איז ריכטיקער אנצונעמען—די געפאנטע פרויען, די געליבטע טעכטער, די עדעלע, ערהאַ־בענע. (אויסגעטעקס: זע זייטע.. באמערקונג...).

בײַ דער געבערערין די ליבסטע ! 1) *)
* זעען טעכטער לויבן זי,
* קעניגינס, בײַשלעפערינס
* באַוואונדערן :

* — ווער איז זי,
וואָס זי שטראַלט, ווי מאָרגנגלאַנץ,
* און איז ליבלעך ווי דער מאָנד
* און איז לויטער ווי די זון ?
און אָפשרעקיק, ווי געפּאַנטע ?

* צום ניסן-גערטל נידער איך 2)
קוקן אויפן גרינס אין טאָל,
זען, צי דער ווײַנשטאָק בליט
* און די מילגרוים קנאָספּט ?
נישט צו פאַרשטייען,
וואָס עס מאַכט פון מיר מײַן זעל,
* ווי די וועגן עמי נדיבם ! 3)

(שולמית טאַנצט).

(**
* — קער זיך אום,
* ווענד דיך אום,
* — אָ, שולמית!

---

*) דאָס ציפערל 1, וואָס קומט דאָ אין מאַנוסקריפּט, ..אָס משמעות, געזאָלט באַצייכענען א באַמערקונג, וועלכע איז אָבער נישטאָ.—רעד.

**) דאָ קומט אין מאַנוסקריפּט נאָכאַמאָל די באַצייכענונג פון קאַפּ. 11.

2) אחשורוש גייט אַרויס צום גינת הביתן, ערערגט פון ווייַן, שלמה—פון ליבע.

3) אַזוי באַוועגט ;

* קער דיך, ווענד דיך,
* לאָז דיך זען! 1)
— וואָס אַנטציקס 1) אייך
אין שולמית
* אינם „צוויי-אַרמעען"-טאַנץ?! 2)

— שיין זענען דיינע טריט,
* נדיבם טאָכטער, אין די שיך!

דער נאָפּל דיין — דער בעכער*)-רונד,
פון פאָלען טאָנד אָן אַ פּעל!

* און דער לייב — אַ ווייצן-גאַרב
* מיט אַ רויזן-שנור געגורט!

* די בריסטן-פּאָר — אַ רעהען-פּאָר,
* אַ יונגער הירשן-צווילינג-פּאָר.

דער האַלז אַ טורעם פון עלפן-ביין
* אין די אויגן, ווי די קוואַלן
* וואָס ביי חשבון
אינם בת-רבים-טויער!

די נאָז — דער לבנון-טורעם,
* דער וואָס אויף דמשק קוקט!

---

1/1) העבּרעאיש חָזה: זעען און געהויבן, און אנטציקט זיין. חוזה—איז דער אנטציקטער זעער, דער נביא, חָזֶה—די געהויבענע שטעל—די ברוסט.

2) דער קריגער-טאנץ, דער אנהייב פון אלטע טענץ.

*) בּטקן.

און דער קאָפּ דיין ווי דער כּרמל (1
און זיין הייך (2 (* אינם פּורפּור
ווי אַ קעניג אין די שפּאַנגען;

---

12

שלמה,

ווי שיין דו ביסט,
ווי זיס דו ביסט,
ליבשאַפט מיט פאַרוויילונג!

* דיין געשטאַלט — דער פּאַלמען-בוים,
* און די בריסטן — טרויבן-בינדן...

וויל איך שטייגן אויף מיין פּאַלמען,
זאָלן מיר ווי טרויבן-שטראַנגען
די בריסטן זיין!
* דיין אָטעם-דופט — אַפּעל-דופט!

דער גוטן דיין — דער גוטער וויין,
גראַדע פליסט ער מיר צום מויל (3 (**

---

1) די שטאָט אויף חרמון-באַרג?:

2) דלת ראש, די הויכע האָר-זאַמלונג איבער קאָפּ, מיט באַנד אַרומגעבונדן.

*) I (און אויפן.
II און איבער אים—אויבן.)

**) אין מאַנוסקריפּט קומט דאָ א ציפער, אלס אָנווייזונג אויף א הערה; די הערה פעלט אָבער.

## .13

### שולמית.

(צו זיך—אויסג.).

איך בין מיין פריינדס,
מיין פריינדס באַגער בין איך!

(צו שלמה—אויסג.) *)

קום, מיין פריינד 1),
אין די פעלדער וועל מיר גייען,
אין די דערפער נאַכטן!

גאַנץ באַגינען וועל'מיר אויפשטיין
און זיך פֿערפֿערן צום ווייַנבערג,
* זען, צי דער ווייַנשטאָק בליט **),
צי דאָס גרינס האָט אויפגעשפּראָצט,
צי עס קנאָספּן די גראַנאַטן!
דאָרט באַקומסט דו מיך!

* דאָרטן דופט דער ליבעס-אַפּל
איבער טירן 2) זיסע פרוכט(ן),

---

*) אין מאַנוסקריפּט קומט דאָ אַן אויסגעמעקטע ציפער 14, אלס באַצייכענונג פון דעם קאַפּיטל.—רעד.

1) אָנגעהויבן אין דער דריטער און איבערגעגאַנגען צו דער צווייטער פּערזאָן, ווי גאָר אין אָנהייב (ישקני... דודיך)...

**) זען, צי דער ווייַנשטאָק גרינט—אויסג.

2) עפענונגען, געַנג.

פרישע און איך אַלטע
פאַר דיר, מיין פריינד,
אויפבאַוואַרטע!

---

.14

* וואָלט מיר דיך ווער
* פאַר אַ ברודער געמאַכט,
* וואָס געזויגן האָט
* פון מיין מוטער ברוסט!
טרעף איך דיך אין גאַס,
* קוש איך דיך,
* קיינער האָט מיר ניט פאַראיבל?

דאַן פיר איך דיך,
* ברענג איך דיך
* אין מיין מוטער-הויז. —
* לערנט זי מיך,
* ווי צו לאָבן דיך
מיט ווין געקאָכטע,
* מיט מיין מילגרוים-זאַפט!

---

.15

אונטער מיין קאָפּ
זיין לינקע האַנט,
מיט זיין רעכטער
האַלזט ער מיך.

באַשווער איך אייך,
* ירושלים־טעכטער,
* וועקט זי נישט,
* וועקט די ליבע נישט,
* ביז זי בליט נישט אויף אַליין:

———

.16

אַך ווער שטייגט פון מדבר אויף,
זיך שמיגענד צוין אי איהר פריינד?

* — אונטערן אַפּעל האָב איך דיך געוועקט,
וואו דיין מוטער
האָט אירע ווייען,
דיין געבערערין
דיך געהאַט!

טו מיך ווי אַ זיגל צו דיין האַרץ,
* ווי אַ זיגל צו דיין אָרים דריק!
דען שטאַרקער פאַרן טויט
איז די ליבע,
ווי דער אָפּגרונט טיף
איר אייפער;

* וואַסערן פיל
* וועלן די ליבע נישט פאַרגיסן,
* טייכן נישט פאַרפלייצן.
* און זאָל אַ מאַן
* זיין גאַנץ פאַרמעגן פון הויז
* פאַר ליבע ביטן,
פאַראַכט מען אים!

———

.17

(ברויט־וואַרב).

## די בּרידער.

„אַ שוועסטער האָבּן מיר אַ קליינע,
קיין בּריסטן האָט זי נישט,
וואָס וועל'מיר טון מיט דער שוועסטער,
ווען מען רעדט פון איר? *) 1)

— ווען אַ מויער,
בּויען מיר
* אויף איר אַ זילבּערנעם טורעם; 2)
אויבּ אַ טיר,
* הענגען מיר
אויף איר אַ צעדער־טאָוול! 3)

## שולמית.

— איך בּין אַ מויער,
בּריסטן האָבּ איך, ווי די טורמען! 4)
בּין אין זיינע אויגן איך
די שטיפטערין פון פרידן! 5)

---

*) ווען עס ווערט פון איר גערעדט?
1) מען פאַרלאַנגט זי.
2) בּרויט־שמוק, שפּעטער — שטעט — ירושלים ==
גיבּ מיר זי אַלס כּלה.
3) „צום פאַרקויפן" אַלס מאַנד.
4) ריין און אַנטוויקלט.
5) (פון גליק — אויסג.), האָבּ איך אים בּאַרואיקט.
דאַפון: שולמית, אויך מיט דער בּאַדייטונג — שלמהס.

* אַ וויינבערג אין בעל־המון האָט
* שלמה געהאַט,
ז׳ וויינבערג־היטער איבערגעגעבן!
גיט אים יעדער פאַר דער פרוכט
* טויזנט זילבער־שטיק!

* מיין וויינבערג איז פאַר מיר! 1)
שלמה,
די טויזנט 2) — דיר!
* און צוויי הונדערט פאַר די היטער! 3)

---

18.

שלמה?

ס׳, די, וואָס אין די גערטן ווייל׳סט.
* קאַמעראַדן הערן זיך צו,
גיב עפּעס נאָך!

די גאָרטן־זינגערין.

(אָבשיד).

* אַנטלויף, פריינד,
זיי גלייך דעם רעה,
* דעם יונגן הירש
אויף די באַלזאַם־בערג!

---

1) פריי?

2) פאַר מיין פרוכט (כלה־גאָב) די טויזנט זילבערשטיק.

3) פאַר די ברידער אויסקויף־געלט.

אַ וואַריאַנט, באַצייט זיך בלויז אויף דעם קאַפּ. 12 פון ענדגילטיקן טעקסט און אויף קאַפּ. 16 פון 1־טן און 2־טן וואַריאַנט.

(ווער שטייגט עם אויף פון וויסטעניי,
אויף איר פריינד געלענט?

* אונטערן אַפּעל־בוים[34].
דאָרטן האָב איך דיך געוועקט,
דאָרט האָט דיין מוטער
אירע ווייען באַקומען,
* דיין געבערערין
* דיך געהאַט. — אויסג.).

* דריק מיך, ווי אַ זיגל צו דיין האַרץ,
* ווי אַ זיגל צו דיין אָרים דריק!
ליבּ' איז שטאַרקער, ווי דער טויט.
* ווי דער אָפּגרונד איז איר אייפער!
* אירע פונקען — פייער־פונקען,
די געטלעכע פלאַם!

* וואַסערן פיל
* וועלן ליבּע נישט פאַרלעשן,
טייכער — נישט פאַרפלייצן זי!
* און בּיט אַ מאַן
זיין גאַנץ הויז־פאַרמעג פאַר ליבּע, —
מען לאַכט אים אויס!

---

34) זע דודאים, 17.



ס׳איז געווען אין די צייטן,
ווען גערינכט׳ט די ריכטן האָבן.

ג׳וואָרן איז אין לאַנד אַ הונגער. —
איז אַ מאַן אַרויסגעגאַנגען
פון בית=לחם [1] אין יהודה
צו שדה=מאב; דאָרט צו וואוינען, —
ער, די פרוי אוןביידע זין.

איז זיין נאָמען—אלימלך,
נעמי האָט זיין פרוי געהייסן;
די זין זיי הייסן: איינער—מחלון,
כליון איז דעם צווייטנס נאָמען, —
אַלע וענען זיי אפרתער [2],
פון בית=לחם אין יהודה.

---

1) „בית-לחם״—ברויט-הויז—קענטיק, אַ מאָל גוטע ערד.
2) דער נאָמען פון דער אָרטשאַפט, ווי שפּעטער: „ועשה חיל באפרתה״.

און זיי זענען אָנגעקומען,
און פאַרבלייבן אין שדה־מאב;
איז געשטאָרבן אלימלך,
נעמים מאַן, און איז געבליבן
זי מיט אירעביידע זין.

און זיי נעמען זיך דאָרט ווייבער
מאב'ס טעכטער; איינע — ערפּה
און די צווייטע — רות געהייסן!

זיצן זיי אַ צענדלינג יאָרן,
שטאַרבט אויך מחלון, נאָך אים — כליון;
איז די פרוי אַליין געבליבן,
אָן דעם מאַן און אָן די זין!

און הייבט זיך אויף מיט ביידע שנירן
צוריק צו גייען פון שדה־מאב.
דען פאַרנומען אין שדה־מאב
האָט די פרוי שוין, דאָס דערמאַנט זיך
האָט דער אייבּיקער זיין פאָלק, —
און ער האָט אים ברויט געגעבן!

און — פון אָרט אַרויסגעגאַנגען,
וואו זי האָט זיך אויפגעהאַלטן, —
זי באַגלייטן ביידע שנירן —
אויפן וועג צום לאַנד יהודה, —
שטעלט זיך נעמי אָפּ און זאָגט:

„—גייט צוריק אייך, שנירן מיינע,
צון איר מוטער־הויז אַיעדע!
זאָל דער אייביקער גענעדיק
זיין צו אייך, ווי איר—געווען
צו די טויטע און צו מיר!
זאָל דער אייביקער באַשערן
יעדערער פון אַייך אַ רואונג
ביין איר מאַן אין הויז!"

און זי קושט זיי. און זיי הייבן
אויף די שטימען, און זיי וויינען,
און זיי זאָגן: ניין, מיר גייען
צו דיין פאָלק צוריק מיט דיר!

נעמי זאָגט זיי: טעכטער מיינע,
נאָך וואָס זאָלט איר מיט מיר גייען?
טראָג איך דען אין לייב נאָך קינדער,
איך זאָל געבן אייך פאַר מענער?

קערט צוריק אַייך, טעכטער מיינע,
אַלט *) איז נעמי פאַר אַ מאַן!

און לאָמיך זאָגן, דאָס איך האָב נאָך,
וואָס צו האָפן, און די נאַכט נאָך
וועל איך צון אַ מאַן געהערן,
און איך וועל אים זין געבערן,

*) צו אַלט.

וועט איר אויף זיי וואַרטן קענען
ביז זיי ווערן אויפגעוואַקסן ?
און פאַרבינדן זיך, ביז דאַן
נישט צו געהערן צון אַ מאַן ?

און אויך וויינט נישט, טעכטער מיינע,
דען ביטערער איז מיר פאַר אייך, —
אויף מיר האָט זיך אויסגעגאָסן
פון דעם אייביקן דער צאָרן !

האָבן ווידער אויפגעהויבן
זיי די שטימען און זיי וויינען,
און דאַן ערפּה קושט די שוויגער,
רות דאָך בלייבט אָן איר באַהעפט !

נעמי זאָגט איר: „טאָכטער מיינע,
ס׳איז דיין שוועגערין געגאַנגען
צון איר פאָלק און גאָט צוריק, —
גיי נאָך איר !" און רות איר ענטפערט:
דרינג מיך נישט, דיך אָפּצוטרעטן !
וואו דו גייסט, איך גיי מיט דיר !
און איך נעכטיק, וואו דו נעכטיקסט,
דען דיין פאָלק איז אויך דאָס מיינע,
און דיין גאָט איז אויך מיין גאָט,
און וואו דו, וועל איך אויך שטאַרבן
און באַגראָבן זיין, וואו דו !
אַזוי דער אייביקער מיר העלפט,

אונז צעשיידן וועט דער טויט!
און זי זעט, דאָס פעסט באַשלאָסן
האָט זיך רות מיט איר צו גייען,
הערט זי אויף זי אָפּצוריידן!
גייען ביידע קיין בית־לחם. —

קיין בית־לחם אָנגעקומען,
די גאַנצע שטאָט ווערט אויפגעטומלט!
פרעגן ווייבער: איז דאָס נעמי?

און זי זאָגט זיי: נאָך וואָס רופט איר
מיך נאָך נעמי? רופט מיך מרא,
דען פאַרביטערט האָט מיך גאָט!
פול בין איך פון אייך געגאַנגען,
און אַ ליידיקע געקומען!
קעגן מיר האָט גאָט געצייגט
און דער מעכטיקער—געשטראָפט!

אַזוי איז נעמי קריק געקומען
מיט איר שנור, די רות פון מאב. —
און זיי זענען אָנגעקומען
קיין בית־לחם אינם אָנהייב
פונם גערשטן־שניט. —

---

## ב.

געהאַט האָט נעמי אַ פֿאַרוואַנדטן
נאָכן מאַן, אַ העלדיש־מאַן,
פון פאַרוואַנדשאַפט אלימלכס, —
בועז איז געווען זיין נאָמען.

איינמאָל זאָגט איר רות פון מאב:
לאָז מיך גייען צו די פעלדער
זאַנגען קלויבן נאָך אַזוינעם, 1)
וואָס ער וועט מיר זיין געפעליק.
ענטפערט נעמי: גיי, מיין טאָכטער!

איז זי, רות, אַרויסגעגאַנגען,
אין אַ פעלד אַריינגעקומען
און געקליבן נאָך די שניטער.

און אַ צופאַל צו פאַרדאַנקען,
האָט זי צו דעם פעלד געטראָפן,
וואָס איז געווען דאָס טייל פון בועז,
פון פאַרוואַנדשאַפט אלימלכס.

---

1) דער שניטער (מעגלעך, ווי עס זעט אויס פון טעקסט— די שניטערין) גייט פאָראויס, דערנאָך דער בינדער, הינטער ביידע דער קלייבער פון „לקט" — פון די זאַנגען, וואָס דער בינדער לאָזט אויפן פעלד. דאָס דאַרף זיין פריי פאַר אַלע אָרימע. דאָך, זעט אויס, האָט מען געמוזט געפינען „לייטועליקייט אין די אויגן" פון באַזיצער, ער זאָל לאָזן קלויבן. פאַרצוג האָבן, זעט אויס, געהאַט היימישע אָרימעלייט. —

און ס׳איז בועז אָנגעקומען
פון בית־לחם; גריסט די שניטער,
זאָגט: דער אייביקער מיט אײַך!
און אים ענטפערן די שניטער:
זיי פון אייביקן געבענטשט!

און עס האָט געפרעגט דאַן בועז
ביי זיין קנעכט, וואָס אויף די שניטער:
— און די יונגפרוי וועמעס איז?

און דער שניטער־היטער זאָגט אים:
אַ מאָאַביטערין, געקומען
צוריק מיט נעמי פון שדה־מאב.

און געמאָלדן, קלויבן וויל זי
ביי די גאַרבן, נאָך די שניטער...
אַזוי שטייט זי פון באַגינען,
יעצט ערשט קלויבט זי זיך אַהיים!

זאָגט איר בועז: טאָכטער מיינע,
האָסט געהערט דאָך, אַלזאָ גיי נישט
אין קיין פרעמדע פעלדער קלויבן,
און אויך דאָ זיך נישט דערווייטער!
האַלט זיך אויף ביי מיינע מעגדן,
מיט די אויגן אויפן אַקער,
וואו זיי גייען, נאָכגעגאַנגען!

איך האָב שוין אָנגעזאָגט די קנעכט,
ס׳זאָל דיך קיינער נישט באַרירן!
און ווען דורשטיק דו וועסט ווערן,
זיך גענען צו די געפעסן,
טרינק דיך, וואו די יונגען שעפּן!

אויפן אָנגעזיכט געפאַלן
און געבוקט זיך צו דער ערד,
זאָגט אים רות: מיט וואָס געפינען
האָב איך גונסט אין דיינע אויגן,
דאָס דו מיר דיין גוטס באַווייזן, —
בינען בין איך דאָך אַ פרעמדע!

און דערויף איר ענטפערט בועז:
— אָנגעזאָגט איז מיר געוואָרן,
וואָס דו האָסט געטאָן דיין שוויגער,
ווען שוין טויט געווען דיין מאַן!

האָסט דיין פאָטער און דיין מוטער,
און דיין היים—דיין לאַנד פאַרלאָזן,
און צון אַ פאָלק אַ פרעמדס געגאַנגען,
וואָס דיר אומבאַקאַנט געוועזן!

זאָל דער אייביקער דיר צאָלן
פאַר דיין גוטס, און פיל באַלוינען
זאָל דיך דער, וואָס אייביק לעבט,
דער גאָט דער מעכטיקער ישראלס,
וואָס דו ביסט געקומען זוכן
אונטער זיינע פליגל שוץ!

רות אים ענטפערט: הער, געפינען
זאָל איך גונסט אין דיינע אויגן!
דען דו האָסט מיר טרייסט געגעבן,
גוטע רייד גערעדט צום האַרץ
פון דיין מאַגד, איבוואָל איך בין נישט
צו איינער גלייך פון דיינע מעגד!

און עס האָט געזאָגט איר בועז:
אַהער דאָ קום צום צייט פון עסן
און דו וועסט פון ברויט באַקומען
און וועסט עס דיר אין עסיק טונקען!

ז׳איז געקומען, און געזעצט זיך
ביי די שניטער, אָן אַ זייט,
נעמט ער, בועז, און דערלאַנגט איר
אַ הויפן אָנגעברענטע זאַנגען, —
ז׳האָט געגעסן, זאַט געוואָרן
און עס איז איר נאָך געבליבן!
און אויפגעשטאַנען ווייטער קלייבן!
און צו זיינע קנעכט זאָגט בועז:
אויך פון צווישן גאַרבן קלויבן
לאָזט זי און פאַרשעמט זי נישט.

לאָזט אויך פאַלן פון די בינטן,
און פאַרלאָזט, און לאָז זי קלויבן,
און איר זאָלט זי נישט פאַרשעמען!

און זי איז *) אין פעלד געקליבן
ביז ס׳איז פאַרנאַכט געוואָרן,
דאָס געקליבענע—געדראָשן,
ס׳איז אַ מעסטל גערשט געוועזן!

אויפגעהויבן און געטראָגן,
און אין שטאָט אַריין געקומען,
און דער שוויגער עס געוויזן
און נעמט אַרויס נאָך און דערלאַנגט,
וואָס פון עסן איר געבליבן.

און עס זאָגט צון איר די שוויגער:
וואו האָסט דו היינט צו טאָג געקליבן?
ביי וועמען האָסט דו זיך פאַרנומען
און—געבענטשט זאָל (זיין? — רעד.) דיין גענער

און זי האָט פאַרציילט דער שוויגער
וואָס עס האָט מיט איר פּאַסירט
און זי זאָגט איר: און דער נאָמען
פונעם מאַן, אויף וועמעס אַקער
כ׳האָב געקליבן, בועז איז!
צו דער שנור דאַן זאָגט די שוויגער:
זאָל דער אייביקער אים בענטשן
פאַר זיין גוטס, וואָס ער באַווייזט
די לעבעדיקע ווי די טויטע!

---

*) און זי האָט.

רות פון מאב זאָגט דער שוויגער:
וואָס נאָך דער מאַן האָט מיר געזאָגט:
זיי צו מיינע קנעכט באַהאָפטן,
ביז זיי האָבן נישט געענדיקט
ביי מיר אין פעלד דעם גאַנצן שניט!

צו רות דער שנור דאַן נעמי זאָגט:
איז געשייט דיר, טאָכטער מיינע,
מיט זיינע מעגדן אויסצוגייען,
דאָס עס זאָל דיך קיינער האָבן
אויף אַ פרעמדן פעלד געטראָפן.

און ביי בועזס מעגדן האַלט זיך
רות ביים קלייבן, ביז געענדיקט
ס'איז דער גאַנצער שניט געוואָרן
פונם גערשטן און פון ווייצן, —
און געזעסן—ביי דער שוויגער!

---

## ג.

איינמאָל זאָגט צו רות די שוויגער:
דאָך איך מוז פאַר דיר אַ רואונג
אויסגעפינען, ס'זאָל דיר גוט זיין!

אָט, דער אונז באַקאַנטער בועז,
וואָס דו ביסט צו זיינע מעגדן
באַהעפט געווען, אינם שייער
לופטערט היינט צו נאַכט זיין גערשט.

און דו וואַש דיך אָפּ און זאַלב דיך,
און באַקלייד דיך, און אַרונטער
גיי צום שייער. גיי, עס זאָל דיך
קיינער מערקן ביז ער האָט נישט
אָפּגעגעסן און געטרונקען...

און אַז ער וועט זיך ליינן גייען,
וועסט דו רעכט דאָס אָרט באַמערקן,
און וועסט צוגיין, און אַנטפּלעקן
זיין צופוסנס און זיך ליינן.

דיר וועט דאַן דער מאַן שוין זאָגן
וואָס צו טון. און רות איר ענטפערט:
ווי דו הייסט מיך, וועל איך פאָלגן.

רות צום שייער האָט גענידערט
און אויסגעפירט דער שוויגערס רייד.

אָפּגעגעסן און געטרונקען
האָט זיך בועז און געמיטלעך
זיך געווײַלט, און גייט, און ליינט זיך
ביין אַ סטירטע אָן אַן עק...

און זי שטילערהייט גענענט זיך,
און אַנטפּלעקט אים זיין צופּיסנס,
און זי האָט זיך צוגעלייגט.

האַלבער נאַכט, און אויפגעציטערט
ווערט דער מאַן, און בויגט זיך איבער, —
אים צופוסנס ליגט אַ פרוי!

פרעגט: ווער ביסטו? און זי ענטפערט:
— רות דיין מאַגד! און דו פאַרשפּרייט
אויף דיין מאַגד די פליגל דיינע,
דען דו ביסט דאָך איר דערלייזער!

און ער זאָגט איר: טאָכטער מיינע,
זיי דעם אייביקן געבענטשט,
דען די גנאָד, די לעצטע דיינע
איז נאָך גרעסער אַלס די ערשטע!
דען דו ביסט נישט נאָך די יונגען
אָרעם אָדער רייך געגאַנגען!
אַלזאָ יעצונד נישט געפאָרכט זיך,
איך וועל דיין פאַרלאַנג געוועהרן,
דען אין טויער ווייסן אַלע,
דאָס אַ בראַווע פרוי דו ביסט!
און וואָרהאַפטיק, כ׳בין אַ לייזער, —
דאָך פאַרהאַנען איז נאָך איינער
און אַ נענטערער פון מיר!

און די נאַכט דאָ נעכטיק איבער,
און אַנטשיידן וועט דער מאָרגן!
און פאַרלאַנגט ער, זאָל ער לייזן
און אַז נישט, וועל איך עס טוען, —
ביי דעם אייביקן געשוואָרן!
ליגט דאָ אַלזאָ ביז באַגינען!

איז זי צופיסנס אים געלעגן
ביז צו מאָרגן. גאַנץ באַגינען,
איידער איינער זעט׳ם צווייטן,
אויפגעשטאַנען, דען ער זאָגט איר,
עס דאַרף קיינער גאָרנישט וויסן,
דאָס געוועז אַ פרוי אין שייער!

און ער זאָגט: דערלאַנג דיין מאַנטל,
שפרייט אים אויס און האַלט פאַר מיר.
זי טוט אַזוי, און אָנגעמאָסטן
זעקס מעסטלעך גערשטן האָט ער
און אַרויפגעלייגט אויף איר,
און איז אין שטאָט אַריין געגאַנגען.

צו דער שוויגער — רות געגאַנגען,
און זי פרעגט זי: טאָכטער מיינע,
צונד ווער ביסטו? און זי האָט איר
וואָס דער מאַן געטון פאַרציילט...

און זי זאָגט איר: אָט דעם גערשטן,
מעסטלעך זעקס מיר אָפּגעמאָסטן,
דען ער האָט צו מיר געשפּראָכן:
צו דיין שוויגער קום נישט ליידיק!

נעמי זאָגט איר: אַלזאָ רואיק
קענסט דו, טאָכטער מיינע, וואַרטן,
ביז עס ווערט דיר קונד געגעבן,
ווי די זאַך איז אויסגעפאַלן, —
דען עס וועט דער מאַן נישט רוען,
היינט נאָך ענדיקט זיך די זאַך!

---

## ד.

און בועז הייבט זיך אויף צום טויער,
און עס גייט פאַרביי דער לייזער,
וואָס דערמאַנט ער האָט פאַר רות.
און ער זאָגט אים: קום אַריין נאָר
און דאָ זעצט דיך, דער און דער.
פאָלגט דער מאַן און טרעט אַריין,
און זעצט זיך צו. און בועז נעמט
צען פון ד'אַלטע לייט אין שטאָט,
זאָגט זיי: זעצט אייך! און זיי פאָלגן.
און ער זאָגט דאַן צום דערלייזער:

אונזער ברודערס, אלימלכס,
טייל פון אַקער, דאָס האָט נעמי,
וואָס געקומען פון שׂדה מאב
אָפּגעגע׳ן אין פרעמדע הענט;
יעצונד האָב איך מיך אַנטשלאָסן,
דיר צו זאָגן, זאָלסט עס קויפן
פאַר די אַלע, וואָס דאָ זיצן
און די אַלטע לייט אין שטאָט.
און ווילסטו לייזן, זאָלסטו לייזן!
אויב דו ווילסט נישט, זאָלסטו זאָגן!
כ׳דאַרף עס ווּיסן, דען קיין לייזער
דיר צופאָר איז נישט פאַרהאַנען, —
קומען קום איך ערשט נאָך דיר!
יענער ענטפערט: איך וועל לייזן!
בועז זאָגט: אין טאָג, אין ועלבן,
וואָס דו האָסט געקויפט דעם אַקער
ביי דער נעמי און דער וויטווע,
פונם טויטן — רות פון מאב,
האָסטו אויך געקויפט דעם נאָמען
פון פאַרשטאָרבענעם צו שטעלן
אויף זיין אַקער־טייל!

זאָגט דער לייזער: כ׳קען נישט לייזן!
איך וויל מיין אַרב מיר נישט פאַרדאַרבן!
קויף דאָ אַלזאָ מיין דערלייזונג,
כ׳קען נישט לייזן!

און פֿאַרצייטן
אין ישׂראל איז געווען
אַ געבּרויך אַזאַ:
ביים דערלייזן און פֿאַרטוישן,
זיכער יעדע זאַך צו שטעלן,
ציט אַ מאַן אַרויס דעם שליסל
און דעם צווייטן אים דערלאַנגט.
און דאָס געווען די צייגעניש.

און דער לייזער זאָגט צו בועז:
קויף און צי אַרויס דעם שליסל.

צו די אַלטע ווענדט זיך בועז
און צום גאַנצן פֿאָלק דערבּיי:
זייט איר אַלע היינט די ציינגן,
דאָס ערוואָרבן האָב איך אַלעס,
וואָס געהערט צו אלימלך
און צו כּליון און צו מחלון, —
אָפּגעקויפֿט פֿון נעמים האַנט!

און — אַלס ווייב די רות פֿון מאב,
מחלונס ווייב; דעם טויטנס נאָמען
אויף זיין ערבטייל אויפֿצושטעלן!
דאָס ער זאָל נישט זיין פֿאַרשניטן
פֿון צעווישן זיינע בּרידער
און פֿון טויער פֿון זיין אָרטשאַפֿט.
און איר אַלע זייט די ציינגן!

און זיי זאָגן: ס׳פֿאָלק אין טויער
און די אַלטע זענען ציינגן!

און דער אייביקער זאָל געבן,
דאָס די פרוי וואָס קומט יעצונדער
צו דיר אין הויז אַריין, געבענטשט *)
זאָל זיין ווי רחל און ווי לאה, **)
וואָס אויפגעבויט עס האָבן ביידע
ס'הויז ישראל; אין אפרתה
זאָלסט דו שטאַרקן זיך, און רופן ***)
אָן אַ נאָמען 1) אין בית-לחם!

זאָל זיין דיין הויז ווי ס'הויז פרץ, ****)
דעם זון יהודהס, וואָס פון תמר
פון דעם זאָמען, וואָס באַשערן
ס'וועט דיר גאָט פון דיזער פרוי!

און בועז האָט זיך רות גענומען
פאַר אַ פרוי, ביין איר געוועזן,
און דער אייביקער געבענטשט
האָט זי מיט אַ שוואַנגערשאַפט, —

און צו נעמי ווייבער זאָגן:
געלויבט דער אייביקער, וואָס האָט דיר
דיין דערלייזער נישט צעשטערט!..

*) צו דיר אין הויז אַריין, זאָל ווערן
**) דיר ווי רחל און ווי לאה;
***) שטאַרקן זאָלסטו דיך און רופן.
1) אַ קינד האָבן און אים אַ נאָמען געבן.
****) I זאָל זיין דייז הויז, ווי ס'הויז פון פרץ.
II און דיין הויז, ווי ס'הויז פרץ; — אויסג.

און זיין נאָמען אָנגערופן
ועט שוין זיין דאָ אין ישראל!

און וועט דיין זעלע דיר דערקוויקן,
אויף דער עלטער דיך פאַרזאָרגן,
דען דיין ליבע שנור געבערט אים
וואָס בעסער איז אַלם זיבן זין!

און דאָס קינד, אַז ס׳איז געבוירן,
נעמי נעמט אין שוים צו זיך,
און איז זיין ווערטערין געוואָרן!

און די נאַכבאַרינען זאָגן:
נָעמין איז אַ זון געבערן!
און זיי גיבן אים דעם נאָמען,
האָבן עובד אים גערופן!

עובד איז דער פאָטער ישים
און דעם ישים זון איז דוד!
און זיי שטאַמען אָפּ פון פרץ:
פרץ האָט געבוירן חצרון,
חצרון האָט געבוירן רם, —
דער זון פון רם איז עמינדב,
דער זון פון עמינדב — נחשון, —
נחשון האָט געבוירן שַלמה,

שלמה האָט געבוירן בועז,
דערנאָכטן: עובד, ישי, דוד!

---

## א.

1 ווי עלנד איז ויצן געבליבן די שטאָט,
די פיל־באַפעלקערטע!
ווי אַ וויטווע וויסט געוואָרן!

די גרויסע צווישן פעלקער,
צווישן לענדער די הערשערין, —
צו צינז איז זי געוואָרן!

2 וויינען וויינט זי ביי דער נאַכט,
אויף די באַקן אירע טרערן
און קיין טרייסטער 1) פון די אַלע,
וואָס זי האָט ליב געהאַט!
דען עס האָבן געפעלשט אָן איר
די פריינד אירע, אַלע!
זיי זענען איר צו פיינד געוואָרן!

---

1) „מנחם“ — דער טרייסטער, דאָס איז דער נאָנטער, וואָס קומט צו הילף און זיך צו רעכן אָן זיין פריינדס באַדרענגער. דערמיט ווערט מען געטרייסט, פאַרגעסט מען דאָס געשעענע אומגליק. דערפון — ניִנָחֵם על הרעה. דער „מנחם“ איז נאָנט צום „גוֹאֵל“ — צום דערלייזער.

3 וואַנדערט אוים יהודה
פאַר פיין און פאַר אַרבעט שווערע...
צווישן פעלקער זיך באַזעצט,
און קיין רואיקונג געפונען!
צווישן די גרעניצן דעריאָגן
אַלע זיינע יעגער אים!

4 ציונס וועגן ליגן אין טרויער,
קיין פעסט-טעג-וואַנדערער נישט דאָ!
אַלע טויערן אירע — וויסט, —
זיפצן אירע פריסטער,
די יונגפרויען — אין אומעט
און זי אַליין — פאַרביטערט!

5 אירע באַדרענגער — גרויס געוואָרן!
און באַרואיקט 1) אירע פיינד!
זי האָט אָפּגערוימט 2) דער אייביקער
פאַר אירע גרויסע זינד!
אין געפאַנגענשאַפט געגאַנגען איז איר יוגנט
פאַרן באַדרענגער! 3)

---

2) „שליה" דער פועל שומד — אויפן אָרט — ר"איק בלייבן. דער פועל יוצא (שול תשולו) אַרויסוואַרפן.

1) הוגה ווי „הָגה מן המסלה", אָפּטרייבן, אַוסרוימען פון וועג — פאַרטרייבן, פאַריאָגן.—

3) = פון באַדרענגער געטריבן.

6 אַרויס פון ציון איז איר פּראַכט!
אירע הערן — ווידער אָן אַ ווייד [1],
וואָס גייען מאַכטלאָז פאַרן יענער [2]!

7 און ירושלים טראַכט
אין די טעג פון פּיין און ווײ
אַלע אירע גליסטיקייטן [3] פון אַמאָל...

אין באַדרענגער־האַנט געפאַלן
איז איר פאָלק און קיינער קומט צו הילף, —
קוקן די באַדרענגער אויף איר
און לאַכן פון איר אונטערגאַנג!

8 זינד באַגאַנגען — ירושלים, —
ווי פון אַ פרוי, פון נישט קיין ריינער
טרעטן אַלע אָפּ פון איר!
די פאַרערער אַלע שענדן, —
זיי האָבן אירע שאַנד געזעען!
זי זיפצט אויך אָפּ און טרעט צוריק!

9 דאָס אומריינע — אין די זוימען [4],
האָט אָן פאָלגן נישט געדאַכט!

---

1) פאַרהונגערטע.

2) ווי 3) (פסוק 5 — רעד.) ; פון יענער געטריבן.

3) קאָסטבאַרקייטן, טייערע זאַכן. געמיינט: די בעסטע און שענסטע פון פאָלק.

4) פון קלייד.

און איז וואונדערלעך געפאַלן
און קיין טרייסטער נישט פאַרהאַנען!

זע, דו אייביקער, מיין פיין, —
צו גרויס איז שוין דער פיינד!

10 אויף אַלע אירע גליסטיקייט ליינט
דער באַדרענגער זיין האַנט!
זי האָט אויך געזען אין טעמפל אירן קומען
די פעלקער, וואָס פאַרזאָגט האָסט דו זיי
אין דיין געמיינדע אַריין צו קומען [1]!

11 פאַרזיפצט — די גאַנצע פעלקערשאַפט,
עסן זוכן זיי!
די גליסטיקייט אָפּגעגעב'ן פאַר עסנוואַרג
דאָס לעבן צו דערהאַלטן!
זע און קוק, דו אייביקער —
איך [2] בין אַ פרעסערין געוואָרן!

12 נישט אויף אייך געדאַכט, וועג=פאַסאַנטן!
זעט און קוקט, צי איז פאַרהאַנען
נאָך אַ ווייטאָג, ווי מיין ווייטאָג,
וואָס מיר איז געטון געוואָרן,

---

1) עמון ומואב.
2) די שטאָט ציון.

און וואָס עס האָט פאַר מיר
אויסגעטראַכט דער אייביקער
אין טאָג פון גרימיקן צאָרן!

13 פון דער הייך אַ פייער געשיקט
אין מיין געביין!
צעדריקט האָט ער עס!
אַ נעץ פאַר מיינע פיס געשפרייט
און צוריק געצויגן!
פון מיר איין עלנדע געמאַכט,
אַ צעווייטאָגטע אויף אימער!

14 מיט אייגענע הענט דעם זינדיקן יאָך
לייגט ער אויף מיר!
פאַרצווייגט געוואָרן איבער מיין נאַקן
[זענען די שטריק!]
אָפּגעמאַטערט האָט ער מיך, —
און אין הענט געגעבן,
וואָס נישט אויסצושטיין!

15 אַלץ, וואָס שטאַרק אין מיר, צעטרעטן
האָט מיין הער!
אַ פאַרזאַמלונג [פון פיינד] גערופן
האָט ער אויף מיר!

וואָס יונג און קרעפטיק צו צעברעכן!
אַ קעלטער האָט מיין הער געטרעטן
פאַר דער יונגפרוי ציונס-טאָכטער [1]!

1) פון א״ר דעם זאַפט אויסגעדריקט.

16 אויף דעם אַלעם איז מיין געוויין!
מיין אויג, — מיין אויג וואַסער רינט!
דערוויייטערט האָט זיך מיין טרייסטער פון מיר,
דער, וואָס מיין זעעלע דערקוויקט!
עלנד זענען מיינע זין געוואָרן;
דער פיינד האָט זיך געשטאַרקט!

17 שפּרייט ציון אויס די הענט,
און קיין טרייסטער האָט זי נישט!
אַרום יעקב האָט דער אייבּיקער
אַלע זיינע בּאַדרענגער בּאַשטעלט!
צווישן זיי ירושלים —
איין אומריינע פרוי געבּליבּן 1)!

18 גערעכט איז ער, דער אייבּיקער,
ווידערגעשפּעגסטיקט האָב איך זיין מויל 2)!
הערט, איר פעלקער אַלע, זעט מיין וויי!
מיינע יונגען, מיינע יונגפער —
אין געפאַנגענשאַפט געגאַנגען!

19 צו ליבּהאָבּער מיינע גערופן, —
גענאַרט האָבּן זיי מיך!
מיינע פּריסטער, מיינע אַלטע—
גייען אין די גאַסן אוים!

1) פון ווערלכער עס מרעט יעדער אָפּ מים אָפּשיי.
2) זיין געבּאָט. (פי מלך שמור).

אַרויסגעגאַנגען עסן זוכן,
דאָס לעבן צו דערהאַלטן!

20 זע, אייביקער, ווי מיר איז ענג!
עס ברענט אין מיר מיין איינגעווייד!
איבערגעדרייט מיין האַרץ אין מיר
אוים לויטער ביטערקייט!
פון דרויסן טרייבט די שווערט
און אין שטוב איז ווי דער טויט!

21 זיי האָבן געהערט, דאָס איך — פאַרזיפצט, —
קיין טרייסטער נישט דאָ!
פון מיין בייז — אַלע מיינע פיינד געהערט —
אַ פרייד אויף זיי!
דען עס איז דיין ווערק!
דאָס האָסט דו אַזוי געמאַכט!
וואָלסט דו [אויף זיי] געבראַכט דעם טאָג [1],
וואָס דו האָסט [אויף מיר] גערופן,
וואָלטן זיי געוועזן ווי איך!

(22) *) זאָל ז י י ע ר בייז קומען פאַר דיר [2]
און טוט (טו?—רעד.) זיי, וואָס דו מיר געטון
פאַר מ י י נ ע זינד!
צו שטאַרק זענען מיינע זיפצן,
צו פאַרוויטאָגט איז מיין האַרץ!

---

1) אַלץ איז אָן דער צייט. נאָט ענדערט די צייטן און בייט די טערמינען. טעג ווערן געבענטשט און געשאָלטן. —

*) אין מאנוסקריפט פעלט דער ציפער פון פסוק 22, וואָס דארף דאָ קומען.

2) דערמאָן דיך אָן זיי.

## ב.

1 ווי האָט, מיין הער, אין זיין צאָרן
ציונס טאָכטער פאַרוואָלקנט!
פון הימל צו דער ערד געוואָרפן
ישראלס פראַכט!
אָן דעם שעמל 1) פון זיינע פיס
נישט געדאַכט אין טאָג פון צאָרן!

2 פאַרדאָרבן, נישט געשוינט דער הער
יעקבס שיינע שטעט
און אין גרימיקן צאָרן צערשטערט
די פעסטונגען פון יהודה,
צו דער ערד געשטרעקט
און פאַרשוועכט
דאָס קעניגרייך און זיינע פערשטן.

3 אויפגעבראַכט און אונטערגעהאַקט
יהודהס מאַכט; די רעכטע האַנט 2)
פון קעגן פיינד צוריקגעצויגן,
און אין יעקב אָנגעצונדן
ווי אַ פייער־פלאַם,
וואָס האָט אַלץ אַרום פאַרצערט!

---

1) בענקל.

2) וואָס שפּאַנט דעם בויגן צום שיסן.

4 זיין בויגן האָט ער גלייך דעם פיינד געטרעטן,
גלייך דעם באַדרענגער פעסט געשטרעקט זיין
האַנט.
און אויסגעטייט דאָס גליסטיקע פון אויג
אין ציונס טאָכטערס צעלט!
ווי אַ פייער זיין גרים זיך שפרייט!

5 דער הער געוואָרן גלייך צום פיינד!
פאַרדאָרבן ישראל,
פאַרדאָרבן זיינע פּאַלאַצן,
זיינע פעסטונגען צעריסן,
אין יהודה אָנגעמערט
קלאָג און וויינעשריי.

6 דאָס אַרומגעצוימטע באַרויבט ער,
גלייך אַ גאָרטן [אַ פרייעם]!
זיינע פעסט־שטעט פאַרדאַרבט ער...
פאַרגעסן מאַכט דער אייביקער אין ציון
פעסט־ און רוע־טעג און צו שאַנד
און גרימיקן צאָרן פריסטער און קעניג.

7 מיין הער האָט פאַרלאָזט זיין אַלטאַר,
זיין הייליקטום געשענדט,
אין פיינדלעכע (התנס ז—יער.) איבערגעגעבערט
האָט ער די מויערן פון זייגע פאַלאַצן...
אַ געשריי אין אייביקנס הויז געמאַכט
ווי׳ן אַ פעסטטאָג האָבן זיי!

8 באַשלאָסן האָט דער עוויגער צו פאַרדאַרבן
די מויערן פון ציונס טאָכטער,
אַ שנור גענייגט,
די האַנט ניט צוריקגעצויגן פון פאַרדאַרבן
און געבויגן פאָרווער און מויער.

9 אין דער ערד געזונקען — אירע טויערן,
איבערגעפירט און צעבראָכן אירע ריגלען.
איר קעניג און אירע הערן — צווישן פעלקער,
אָן לערע,
אויך אירע פּראָפעטן
האָבן פון עוויגן קיין זעונג באַקומען.

10 צו דער ערד זיך געזעצט און פאַרשוויגן געוואָרן
די אַלטע פון ציונס טאָכטער,
אַש אויף זייערע קעפּ געשטרייט,
זיך מיט זעק אַרומגעגורט, —
די קעפּ צו דער ערד בייגן
די יונגפרויען ירושלימס.

11 מיינע אויגן האָב איך אין טרערן אויסגעוויינט,
עס ברענט מיין אינגעוויד,
עס גיסט זיך מיין לעבער צו דער ערד
אויפן ברוך פון מיין פאָלקס טאָכטער —
קינד און זייגלינג פאַרשמאַכטן אין די גאַסן
פון שטאָט.

12 מוטער[1]) פרעגן זיי: וואו איז ברויט און וויין?
זיך וואַלגערנדיק ווי דערשלאָגענע אין די גאַסן
פון שטאָט,
אויסהויכנדיק זייער זעעל אין דער שויס פון
דער מוטער.

13 וואָס זאָל צייגן ווענן[2]) דיר
און צו וועמען ענלעך[3]) מאַכן ירושלימס טאָכטער?
צו וועמען גלייכן אום צו טרייסטן דיך,
יונגפרוי ציונס טאָכטער!
דען גרויס ווי דאָס מעער איז דיין וואונד[4]),
ווער וועט דיר לייכטער מאַכן? [5])

14 דיינע פּראָפעטן האָבן דיר פאַלש און טרוג(עריש?)(*)
אויף דיינע זינד דיר נישט אָנגעוויזן
דיינע געפאַנגענשאַפט אָפּצווענדן,
פאַלשע זעונגען האָבן זיי דיר פּראָפעצייט
און פאַרפירערישע.

15 אַלע פאַרבייגייער שלאָגן צוזאַמען די הענט
ווענן דיר,
זיי שמוצירן און שאָקלען מיט די קעפּ
אויף ציונס טאָכטער:

1) (די—אויסג.) מוטער.
2) אויף.—אויסג.
3) פארגלייכן.—אויסג.
4) בראָך.—אויסג.
5) (היילן).
*) די קלאמערן מיטן פראגע-צייכן—פון פרצן.

איז דאָס די שטאָט, וואָס מען 1)
זאָגט: 2) פאָלקאָמענע שיינהייט, די פרייד פון
גאַנצן לאַנד? 3)

16 די מיילער עפּענען אויף דיר אַלע דיינע פיינד,
פייפן און קריצן מיט די ציין.
זאָגן: פאַרדאָרבן האָבן מיר זי!
אָט דער טאָג, וואָס מיר האָבן געהאָפן,
דערגרייכט, 4) דערזעען!

17 געטון האָט דער אייביקער, וואָס ער האָט פאַר-
טראַכט 5)
אויסגעפירט זיין וואָרט, זיין אָנזאָג פון אַלטע צייטן.
צעשטערט און נישט דערבאַרעמט.
פרייד 6) געמאַכט מיט דיין אומגליק דיינע פיינד,
געהויבן דעם האָרן פון דיינע באַדרענגער!

18 געשריען האָט זייער הערץ צו גאָט,
ציונס מויער, גיס טרערן ווי אַ טייך
טאָג ווי נאַכט!
געב דיר נישט קיין אויפהער,
דיין אויגאַפל זאָל נישט שווייגן.

1) איז דאָס די שטאָט, וואָס מען (האָט אויף איר.—אויסג.)
2) געזאָגט.—אויסג.
3) די פרייד פון (לאַנד.—אויסג.)
4) דערלעבט.—אויסג.
5) צוגעטראַכט.
6) פריילעך.—אויסג.

19 שטיי אויף און רוף בײַ דער נאַכט
צום באַגין פון די וואַכן,
גיס דיין האַרץ ווי וואַסער אוים קעגן גאָט,
הייב צו אים די הענט
בעט פאַר דער זעל פון דיינע קליינע קינדער,
וואָס חלשן פאַר הונגער אין אַלע גאַסן.

20 זע, עוויגער, קוק זיך צו,
ווּעמען האָסט דו דאָס געטון (עוללת),
אַז פרויען עסן זייער פרוכט,
זייער קליינע קינדער [1],
אַז אין טעמפל ווערט געטייט פריסטער און פראָפעט.

21 צו ערד אויסגעצויגן
אויף די גאַסן יונג און אַלט,
מיינע מעדכען און יונגען דורך דער שווערט נעפאַלן
האָסט אין דיין צאָרן־טאָג געטייט,
קיין ערבאַרמען געהאַט.

22 האָסט צוזאַמענגערופן ווי אויף אַ פעסט־טאָג
אַלע מיינע שרעקן אַרום,
אין טאָג פון דיין צאָרן קיין איבערגעבליבענער,
קיין אַנטרונענער.
וואָס איך האָב געצויגן און געגרויסט
האָט דער פיינד פאַרלענדט!

1) I קינדער קליינע.
II אירע קינדער — אויפג.

ג. *)

איך בין דער מאַן, וואָס האָט די פּיין פאַר־
זוכט
פון זיין צאָרניקע רוט.

מיך האָט ער געטריבן, אין פינסטערניש, אָן ליכט
געפירט.

אויף מיר ווענד זיין האַנט און קערט זי אום
צו מיר נישט אויפגעהערט.

צעפוילט מיר מיין לייב און מיין הויט;
מיינע ביינער צעבראָכן.

אַרום מיך געבויט, אַרומגערינגלט
מיט ביטערקייט 1) און מאַטערניש.

אין פינסטערקייטן מיך אַריינגעשטעלט
ווי וועלט־געשטאָרבענע.

אַרומגעצוימט, נישט אַרויסצוגיין,
שווערע קעטע אויפגעזעצט.

---

*) פון קאפ. ג ביז סוף פון איכה ווייגען די פסוקים אין מאנוסקריפט ניט באצייכנט מיט ציפער.—רעד.

1) גיפט.

און לאָמיך שרייען און געוואַלדן,
מיין געבעט נישט צוגעלאָזט! (שתם) [1]

מיינע וועגן מיט קוואָדערן פאַרצוימט,
מיינע שטעגן אויסגעקרימט.

אַ לויער [2]=בער איז ער פאַר מיר
אַ לייב אַ באַהאַלטענער.

דרייט אויס מיינע נענג, און ליימט מיך,
מאַכט מיך דול!

ער שפאַנט זיין בויגן און צו דער פייל
מיך אַלס ציל געשטעלט.

אין מיינע נירן צילט ער [3]
זיינע פיילן.

בין, מיין פאָלק, צום געלעכטער געוואָרן,
זיי זינגען פון מיר אומאויפגעהערט.

מיט ביטערקרויט [4] שטאָפט ער מיך,
ועטיקט מיך מיט ווערמוט [5],

---

1) פארהאלטן.—אויסג.
2) א לאָקער.—אויסג.
3) אין מיינע (אינגעווייד טרעפן).—אויסג.
4) ביטערפילן.—אויסג.
5) ועטיקט מיך מיט (גאל און גיפט.—אויסג.)

מיט שאַבער ברעכט ער מיר די ציין,
אין אַש וועלגערט ער מיך!

מיין זעעל האָט שוין די רו פאַרגעסן,
איך געדענק שוין נישט קיין גוטס.

און נעטראַכט [1]: פאַרלוירן מיין לעבן (נצחי)
און מיין האָפנונג אָן אייביקן.

דורכגענומען פון מיין אומגליק
ווערמוט און גיפט.

דאָס אַלץ געדענקען געדענקט מיין זעעל
און בוינט זיך איבער מיר.

דאָך אָט דאָס טראַכט איך איבער
און פאַרוואָס איך האָף:

נאָטס גענאָד ווערט נישט פאַרניכטעט.
זיין באַרמהערציקייט לאָזט זיך נישט אויס.

טאָג אויף טאָג באַנייערט,
גרויס איז זיין טריישאַפט.

---

1) I זאָל איך זאָגן.
II ב׳קלפר.—או פנ.

דיר, עווינגער, איז מיין טייל, זאָגט מיין זעעל,
דאַרום האָף איך צו אים.

גענעדיק איז דער עווינגער
צו די וואָס טרויען אים,
צו דער זעעל, וואָס פאָרשט נאָך אים.

גוט און ציטעריק און שווייגנדיק
צו דער הילף פון אייביקן.

טוב דעם מאַן, וואָס טראָגט די יאָך
אין זיין יוגנדשאַפט.

זיצט ער איינזאַם שווייגנדיק,
אויף אים די לאַסט נעלייגט.

צום שטויב צוגעלייגט דאָס מויל,
פילייכט האָפענונג פאַרהאַן.

שטעלט אויף די באַק צום שלעגער,
זעטיקט זיך אָן מיט שאַנד.

דען נישט אויף אייביק דער הער פאַרלאָזט.

צעוואַרפט ער, דערבאַרמט ער זיך אין זיין גענאָד*)

נישט אוים גוטן ווילן פייניקט ע־ אין טרייבט
די מענטשן=קינדער, ער זאָל מיט די פים צו=

1) דען טרייבט ער, דערבארמט ער זיך אין זיין גענאָר.

דריקן די ערד־געפאַנגע׳ע. פאַרקרימען אַ מענטש אין זיין רעכט (בריבו) מיין הער זעט עס נישט! ווער זאָגט און ס׳זאָל געשעען און מיין הער—נישט געבאָטן? נישט פון זיין מויל גייט אַרויס דאָס גוטע ווי דאָס שלעכטע.

וואָס קלאָגט זיך אַ לעבעדיקער מענטש?
אַ מאַן — אויף זיינע זינד!

לאָמיר איבערזוכן אונזערע גענג,
פאָרשן און צוריק צום אייביקן קערן.

הייבן די הערצער מיט די הענט
צום שטאַרקן אין הימל!

מיר האָבן געזינדיקט, ווידערשפעניקט,
דו — נישט פאַרצייט!

פאַרהילט, [1] זיך אין צאָרן און אונז געיאָגט,
געטייט און זיך נישט דערבאַרמט.

האָסט דיך מיט אַ וואָלקן פאַרהילט,
עס זאָל נישט דורך קיין געבעט.

1) I פאַרצוימט.
II פאַרבאָרגן.

האָסט פון אונז עקל [1]) און אָפּשיי צווישן די פעלקער געמאַכט

אַלע אונזערע פיינד — די מיילער אויף אונז געעפנט.

אונז צו טייל איז געוואָרן שרעק און געפּאַנ- גענשאַפּט [2]), פאַרוויסטונג און אונטערגאַנג.

בוכן טרערן רינט מיין אויג אויפן ברוך פון מיין פאָלק...

עס פליסט מיין אויג, נישט אָפּגעשטעלט, נישט אויפגעהערט.

ביז קוקן עס וועט דער אייביקער און פון הימל דערזעען.

מיין אויג האָט מער געטאָן מיין זעעלע,
אַלס אַלע טעכטער פון שטאָט (?) *).

זיי האָבן מיך ווי אַ פויגל געפאַנגען
מיינע אומזיםטיקע פיינד.

מיינע יאָרן אין גרוב פאַרקירצט; שטיינער אין מיר געוואָרפן.

וואַסער איז איבער מיין קאָפּ געשוואומען,
געטראַכט איך בין פאַרביי [3]).

1) שמוץ.—אויסג.
2) נעצן.—אויסג.
3) I פארלוירן.
II פארניכטעט.
*) דער פראוע-צייכן—פון פרצן—רעד.

איך האָב, אייביקער, דיין נאָמען גערופן
פון טיפסטן גרוב.

האָסט מיין שטים געהערט, בייג דיינע אוירן
נישט אָפּ פון מיין שווער עטעמען, צו מיין
געשריי 1).

גענענט האָסטו זיך, ווען איך האָב דיך גערופן,
געזאָגט: שרעק דיך נישט!

האָסט זיך אָנגענומען פאַר די שמעלונגען
פון מיין זעעל,
מיין לעבן אויסגעקויפט.

האָסט מיין שמעלונג געזען, ריכט מיין געריכט.

דו זעסט זייער ראַכע, זייער נאָכטראַכטן אויף
מיר,—

האָסט זייער שענדן, אייביקער, געהערט,
אַלע זייערע פּלענער 2) ווענן מיר.

די ליפּן פון מיינע געגנער (קמי), וואָס טראַכטן
נאָר ווענן מיר.

וואו זיי זיצן און שטייען, זע, זייער שפּאָט-
ליד בין איך.

1) הילף.
2) געדאנקען.—אויסג.

פאַרגיטיג זיי 1), אייביקער, לויט די ווערק פון
זייערע הענט —
גיב זיי האַרץ־וויי, דיין פלוך אויף זיי.

יאָג זיי מיט דיין צאָרן פון אונטער די הימ־
לען פאַרטיליג. —

---

4. (*

ווי ווערט פאַרטונקלט גאָלד?
פאַרענדערט דער גוטער ערץ 2)
אויסגעשיט 3) די הייליקע שטיינער אין אַלע גאַסן.

די זין פון ציון די טייערע, מיט גינגאָלד גע־
וואָגענע
ווי גלייך געוואָרן זיי זענען צו ערדערנעם
געפעס 4) פון טעפּפערס האַנט?

5) דערלאַנגען די ברוסט, נערן זייערע יונגע,
מיין פאָלקס טאָכטער אומערבאַרמלעך,
ווי דער שטרוים אין דער וויסטעניי.

---

1) צאָל זיי.
*) דער פערטער קאפּ. אין אין מאַנוסקריפּט באַצייכנט מיט א ציפער און ניט מיט קיין אות—רעד.
2) (גינגאָלד? גוטגאָלד? רויטגאָלד?)
3) I פאַרשיט.
II צעוואָרפן.
III צעשפּרייט.
4) (קרוגן, שערבן).
5) וועלף, אומגעהייער, שלאַנג, שאַקאַלס ועהונד.

דעם זיינגלינגם צונג פאַר דורשט — צום גומען
    צונעקלעפּט,
קליינוואַרג בּעט בּרויט, קיינער דערלאַנגט...
פיינשמעקער[1] פּאַרוויסט
אין די גאַסן; אויף זייד דערצויגענע
דריקן זיך צו מיסט[2].

גרעסער איז אויסגעקומען די זינד פון מיין
פאָלק אַלס די זינד פון סדום, וואָס אומשטונד[3]
איז אין דער סעקונדע געוואָרן, אָן פרעמדע הענד
דערבּיי[4].

אירע אָפּגעזאָנדערטע זענען לויטערער געווען
אַלס שניי, ווייסער אַלס מילך, — גערייטלטער
דאָס לייבּ אַלס קרעלן, סאַפּירן דער שניט[5]
פינסטערער אַלס שוואַרץ, נישט צום דערקענען
אין גאַס, די הויט צום געביין[6] געשרומפּן[7],
אויסגעטריקנט ווי האָלץ.

בּעסער שווערד־אַלס הונגער געפאַלענע,
שהם יזובו מדוקרים מתנובות שדי.

1) (לעקערביסן־עסער).
2) (נעמען ארום).
3) (פלעצלעך).
4) (נישט צוגעלייגט).
5) (די געשטאלט).
6) אזיפן לייב.—אויסג.
7) I איינגעשרומפן,
II איינגעצויגן.

די הענט פון באַרמהערציקע פרויען קאָכן זייער(ע) קינדער, אַיין עסן פאַר זיי אין גרויסן אומגליק פון פאָלק.

אויסגעשעפּט האָט דער א. *) זיין גאַנצן צאָרן, זיין גרים אויסגעגאָסן. אָנגעצונדן אַ פייער אין ציון און אירע פונדאַמענטן.

נישט געגלויבט האָבן די קעניגע פון לענדער און די וועלט באַוואָען (באַוואוינער? — רעד.), דאָס אַ בעדרענגער און אַ פיינד וועלן קומען אין די טויערן ירושלימס.

פון דער זינד פון אירע פּראָפעטן, פאַר שולדן פון אירע פּריסטער, וואָס פאַרגיסן בלוט פון גערעכטע אין איר.

בלינדע וואָגלען אין די גאַסן, איינגעשמירט אין בלוט, קענען אירע קליידער נישט באַרירן.

טרעט אָפּ, אומרייִנער! רופט מען צו זיי, טרעט אָפּ, טרעט אָפּ! רירט נישט אָן!
כי נצו גם נעו, אמרו בגוים לא יוסיפו לגור.

*) פארקירצט פון אייביקער—רעד.

פני ה׳ חלקם, לא יוסיף להביטם...
פני כהנים לא נשאו, זקנים לא חננו!

עס גייען אונז נאָך די אויגן אוים צו אונזער נישטיקער הילף, אויסקוקנדיק אויף אַ פאָלק, וואָס גיט קיין הילף.

זיי פאַרפאָלגן אונז טריט אויף טריט, נישט צו גייען אין די גאַסן. גענענט זיך אונזער ענד, פול געוואָרן די מאָס פון אונזערע טעג, דען געקומען אונזער ענד.

פלינקער זענען אונזערע יעגער געווען, אַלס די אָדלער אונטערן הימל. אויף 1) די בערג אונז געיאָגט, אין סטעפ אויף אונז געלויערט.

אינזער אָטעם (רוח אפינו) דעם עווינגס געזאַלבטער איז געפאַנגען אין זייער גריבער, — דער, וואָס מיר האָבן גערעכנט מיר וועלן לעבן אין זיין שוץ צווישן פעלקער.

יי׳ פראָה אין פריי דיך, ארומס טאָכטער, די באַייאוינערין אין לאַנד עוץ, איבער דיר וועט

1) איבער.--אויבן.

אויך פאַרביי גיין דער בעכער, וועסט זיך באַ-רוישן און (שענדלעך) אַנטפּלעקן. (אויסגע-וואָרצלט, אויסגעריסן ווערן).

ציונס טאָכטער—אויסגעלאָזט דיין זינד, מער טרייבט ער דיך נישט. אָן דיינע אימרעכט דאַכט, אדומס טאָכטער, אַנטפּלעקט דיינע זינד!

---

(*

געדענקט, אייביקער, וואָס אונז איז געשען, קוק און זע אונזער שאַנד.

אונזער אַרב איבערגעגאַנגען צו פרעמדע,
אונזערע הייזער פאַרפרעמדט!

ווייזן זיינען מיר געוואָרן אָן אַ פאָטער,
אונזער מוטער ווי די וויטוועך.

אונזער וואַסער — פאַר זילבער געטרונקען,
אונזער האָלץ קומט צו אונז פאַר באַלויִנונג 1)

אויפן האַלז געיאָגטע, מיד געוואָרן, מען לאָזט נישט אָפּ.

---

*) דאָ דאַרף קומען קאַפּיטל ה, וואָס איז אין מאנוסקריפּט איבגאנצן נים פאַרייכנט.

1) (פּרייז).

צו מצרים אויסגעשטרעקט די האַנט; צו אַשור—
ברויט צו באַקומען.

אונזערע פעטער האָבן געזינדיקט און זענען
נישט דאָ; מיר ליידן פאַר ווייערע זינד.

קנעכט רעגירן מיט אונז, קיין באַפרייער פון זיי.

מיטן לעבן ברענגען מיר אונזער ברויט, פון
דער שווערד אין סטעפּ.

אונזער הויט ברענט אויף אונז [1]) ווי דער אויוון,
איים הונגער־גלוט.

געפּייניקט פרויען אין ציון, יונגפרויען אין די
שטעט יהודה, פירשטן אויף די הענט געהאָנגען;
אַלטע נישט געשוינט. יונגע טראָגן מילשטיינער,
קנאַבן פאַלן איבער די העלזער.

אַלטע קומען נישט צום טויער, יונגע — פאַר־
שטערט זייער געזאַנג.

פאַרשטערט אונזער האַרציקע פרייד, אונזער
טאַנץ צום טרויער געוואָרן.

---

1) אונזער הוים (שווארץ,—אויסג.) ווי דער אויוון.

אונזער קרוין פון קאָפּ אַראָפּגעפאַלן, ווײ צו
אונז, געזוינדיקט האָבן מיר!

דערויף האָט ווײ געטאָן דאָס האַרץ, דערויף
פאַרפינסטערן זיך אונזער אויגן.

אויף ציונס באַרג וואָס וויסט געוואָרן,
פיקסן שפּאַצירן 1) אַרוים.—

דו, אייביקער, וועסט אייביק באַשטײן, דײן
טראָן — פון געשלעכט צו געשלעכט!

פאַרוואָס האָסטו אונז אויף אייביק פאַר־
געסן, אויף לאַנגע יאָרן פאַרלאָזט?

פיר אונז צוריק, לאָמיר קומען צו דיר! באַנײ
אונז די יאָרן פון אַמאָל!

נייערט דו האָסט אונז פאַרעקלט, צי צאָרניק
ביסט דו אויף אונז.

---

1) גייען דאָרט.—אויסג.

## א.

ווי עלנד איז ויצן געבליבן 1
די פיל באַפעלקערטע שטאָט,
ווי אַ וויטווע וויסט!

רי גרויסע צווישן די פעלקער,
איבער לענדער די הערשערין, —
געוואָרן צו צינז.

זי וויינט ביי דער נאַכט, 2
אירע טרערן אויף די באַקן, —
פון אַלע געליבטע אירע
קיינער טרייסט!

געפעלשט אָן איר האָבן
אַלע פריינד!
צו פיינד געוואָרן!

3 * וואַנדערט אוים יהודה
אוים פיין,
אוים אַרבעט שווערע.

* צווישן פעלקער זיך באַזועצט, —
קיין רואיקייט געפונען!

צווישן די גרעניצן דערגרייכן
אים אַלע יעגער.

4 טרויערן די וועגן פון ציון,
צו פעסט־טעג קיינער נייט;
די טויערן אירע — וויסט.

אירע פריסטער ויפצן,
אירע יונגפרויען — אין אימעט.
און איר איז ביטער, ביטער!

5 געגרייסט זענען אירע באַצווינגער,
אירע פיינד — פאַרגעניגט..
* זי האָט אָפּגערוימט דער אייביקער
פאַר אירע זינד!

נייט איר יונגט איר (אין?—) געפאַנגענשאַפט,
פון באַצווינגער געטריבן!

6 איז פון ציון אַראָפּ דער גלאַנץ,

אירע פּערשטן, ווי די וויבער,
וואָס פאַרהונגערט גייען
מאַכטלאָז פאַרן יעגער.

7 טראַכט יעצט ירושלים,
אין די טעג פון פּיין און וויי, *
אָן אירע קאָסטבאַרקייטן
פון אַמאָל!

אין באַצווינגערם מאַכט געפאַלן
איז איר פאָלק און קיינער העלפט!
ואַמלען זיך די פיינד אַרום
און לאַכן אויף איר אונטערגאַנג!

8 געזינדיקט האָט ירושלים,
ווי אַן אומריינע פרוי געבליבן,
אַלע טרעטן זי אָפּ!

אַלע פאַרערער אירע — שענדן, —
זיי האָבן איר שאַנד געזען!
און זי זיפצט אָפּ און טרעט צוריק!

9 דער שמוץ נאָך אין די זוימען...
די פאָלגן נישט פאָרגעזען!
און וואונדערלעך געפאַלן,
און קיינער טרייסט!

זע, אייביקער, מיין פיין,
וואָס אָנגעמאַכט עס האָט דער פיינד!

10 אויף אַלע אירע קאָסטבאַרקייט
לייגט זיין האַנט ער, דער באַצווינגער!
פעלקער, וואָס פאַרווערט דו האָסט
* אין דיין געמיינדע אַריין צו קומען!
טרעטן אין דיין הייליקטום!

און איר פעלקערשאַפט פאַראומערט,
עסן ווערט געבעטן,
פאַר עסן ווערט דאָס טייערסטע געגעבן,
* דאָס לעבן צו דערהאַלטן!
זע, אייביקער, קוק, —
* איך בין אַ פרעסערין. געוואָרן!

12 נישט אויף אַייך, איר וועג־פאַסאַנטן,
זעט, קוקט, צי איז פאַרהאַנען
נאָך אַ וויי ווי מיין ווייטאָג,
וואָס אין גרימיק־צאָרניקן טאָג
מיר דער אייביקער האָט צוגעטראַכט!

---

# א.

1 די רייד פון קהלת, 1)
דודס זון,
קעניג אין ירושלים —

2 קהלת קינדיקט אייטלקייט,
אייטל נישטיקייט,
אַלץ איז נישטיק נישט! 2)

3 דען וואָס פאַר אַ גוטס דערווישט
און וואָס האָט דער מענטש דערפון,
וואָס ער מיט זיך אונטער דער זון!

1) דער זאַמלער — נאָך זיין געבורט האָט דוד געשיקט נתן הנביא, מען זאָל אים אַ נאָמען געבן ידידיה (דער פריינד פון גאָט). אַלס קעניג הייסט ער שלמה—דער קעניג פון פרידן. קהלת איז דער נאָמען פון אויטאָר און פון בוך — דער זאַמלער און די זאַמלונג. דאַרום (קאַפּיטל י״ב, 9) אמר הקהלת און פריער (קאַפּיטל ז׳, 27) אמרה קהלת — געזאָגט האָט די זאַמלונג. און פּילייכט דאַרף דאָ אויך זיין: אמר הקהלת.

2) אין טעקסט: הבל — אַ גענעראַל-וואָרט פאַר פיל באַגריפן: ווינט, אָטעם, הויך, פאַרגענגלעך (ווינטיק), אָן אַ האַפט און דאַרום אויך: נישט קלוג ווייל נישט צילמעסיק און אויך—אומרעכט, ווייל נאָר דאָס גערעכטע איז צילמעסיק און האַלטבאַר. כאַראַקטעריסטיש איז, דאָס כסיל איז אַ בייזער און זאָגלייך אַ נאַר.

4 אַ געשלעכט קומט, אַ געשלעכט גייט, —
און די ערד אויף אייביק שטייט!

5 און אויף=די זון און אונטער=גייט,
און שטרעבט צוריק צום זעלבן אָרט,
און ווידער אויפ=געשיינט פון דאָרט!

6 גייט קיין זיד, קערט קיין נאָרד,
קרייזלט דער ווינט אין זיין געיעג: —
און אויפן זעלבן קרייזל=וועג
קומט דער ווינט צוריק=געקערט!

7 צום מעער גייען אַלע טייכן, —
נישט פול דאָס מעער קיין אויגנבליק!
וואו אָנגעקומען, דאָרטן ווייכן
די וואַסערן און גיי'ן צוריק!

8 און ווי אַלע זאַכן—פאַריאָגט, —
דערויף דער מענטש קיין שפּראַך פאַרמאָגט!
דאָס אויג פון זעען זאַט נישט ווערט,
עס האָט קיין אויער זיך פול געהערט!

9 און וואָס ס'איז געשען, דאָס וועט געשען!
וואָס לאַנג געמאַכט, דאָס ווערט געטון!
נישט דאָ קיין נייס אונטער דער זון!

10 און רופן לייט אַ נייַם צו זען,
לאַנג שוין אויף דער וועלט געווען,
און פאַרשוואונדן אָן אַ צייכן...

11 פאַרגעסן געוואָרן די ערשטע צייטן,[3]
און די לעצטע, וואָס אונז פאַרבייטן,
וועלן קומען און וועלן ווייכן
און זייער געדעכעניש דערגרייכן,
צו די נאָך לעצטערע אַמאָל
וועט אויך אַזוי ווערן!

12 איך קהלת בין געווען קעניג
אין ירושלים איבער ישראל[4].

13 האַרץ געלייגט און מיט פאַרשטענדיקייט
נאָכגעפאָרשט און איבערגעקלערט
וואָס אונטערן הימל געטון דאָ ווערט?

---

3) אין טעקסט: ראשונים און אחרונים — די ערשטע אין די לעצטע, אָבער דערמיט ווערט באַצייכנט נישט מער ווי: דער אַמאָליקער, לאַנג געוועזענער און — דער ערשט געקומענער, דער יעצטיקער, דער וואָס איז ערשט געבוירן. אין קאַפּיטל ה׳, 15 און 17 זענען די אַחרונים די החיים המהלכים תחת השמש—דאָס ערשט-געבוירענע געשלעכט — די יוגנט. עס איז דער זעלבער באַגריף פון ראשון אין אַחרון, וואָס אין דער רבנישער ליטעראַטור.

4) וואַרשיינלעך — ווערטלעך, און די שטעלן געהערן צו דער הדיוט-צייט פון שלמה (זע די פאָררעדע). אַזוי טייטשט אויס דער מדרש.

כ׳מיין דעם מענטשנס טעטיקייט,
אים פון מעכטיקן געגעבן,
אַלס באַשעפטיקונג אין לעבן! 5)

14 איך האָב די אַלע ווערק באַטראַכט, —
וואָס אונטער דער זון עס ווערט געמאַכט, —
נישטיק אַלץ און ווינט געזייט! 6)

15 און וואָס קרום איז, גלייך נישט ווערט,
און וואָס עס פעלט,
נישט צו געציילט!

16 טראַכט איך ביי מיר אין האַרצן און קלער,
נון וויים איך מער, און קען אויך מער
אַלס די אַלע, וואָס זענען דאָ ביז אַהער
אין ירושלים פאַר מיר געווען!
און האָב פיל וויסן און קלוגשאַפט געזען!

17 און נעם מיר צום האַרץ, און וויל דערגיין,
וואָס איז פאַרשטענדיק און געשייט,
און וואָס נאַריש, און פאַרשייט?
און זע: אַ נישטיקער געראַנק!
וואָס מער וויסן, אַלץ מער לייד,
דאָס פילע וויסן מאַכט נאָר קראַנק!

---

5) אין טעקסט—איז לַעֲנות נישט לֶעָנות—געפייניקט ווערן.

6) „רעות ר״ח״ — רעי האליל (זכריה י״א, 17) מות ירעם (תהילים מ״ט, 15) — דער טויט וועט צעטרייבן. אפרים רעה רוח (הושע י״ב, 2). „רועה״ איז אויך וואַרשיינלעך דער וואָס טרייבט די שאָף.

ב.

1 טראַכט מיין האַרץ נאָך לוסטיקייט,
גוטס געניסן! אויך צו נישט!

2 דעם לאַכער זאָג איך: ביסט צעמישט!
און וואָס טוט די פריילעכקייט?

3 טראַכט מיין האַרץ און ס'פּאַלט מיר איין:
באָרן וועל איך מיך אין וויין,
און פירן מיט פאַרשטענדיקייט,
איך וועל דאָס נאַרישע געניסן,
ביז איך וועל מיך נישט דערוויסן,
וואָס אונטערן הימל עס איז געשייט?
צו וואָס עס האָט דער מענטש צו שטרעבן
אין זיינע געציילטע טעג פון לעבן?

4 און איך האָב*) זיך מיט ווערק אַרומגעשאַנצט!
הייזער געבויט, וויינבערג געפלאַנצט!

5 גערטנער און סעדער, און אויסגעזוכט,
און ביימער געזעצט פאַר יעדע פרוכט!

*) און האב זיך.

6 ציסטערנען געמאַכט, וואַסער צו לענקען,
דעם ביימער־שפּראָציקן וואַלד צו טרענקען.

7 און פון ביידערליי געשלעכט
האָב איך זיך איינגעהאַנדלט קנעכט,
און אויפגעצויגן אַ הויז־געזינד
און הערטן מער פון שאָף און רינד
געהאַט אַלס אַלע, וואָס זענען פריער
אין ירושלים געוועזן פאַר מיר!

8 און זאַמל זילבער אָן און גאָלד
און אויפגעזאַמלט *) אַלערהאַנט
קאָסטבאַרקייט פון קעניג און לאַנד
און אַלץ וואָס מענטשן האָבן האָלט!
צום גענוס און צייט־פאַרטרייב,
זינגער, קינצלער מאַן און ווייב!

9 און אַלע וואָס זענען געוועזן דאָ ביז דאַנען
האָב איך אין אַלעם איבערגעשטיגן!
און מיין קלוגשאַפט איז מיר ביי געשטאַנען,
פאַרשאַף מיר יעדעם פאַרגעניגן!

10 און נישט פאַרווייגערט פון מיר ווערט,
וואָס ס׳האַרץ געלוסט, דאָס אויג באַגערט!
און האָב מיך מיט מיין מי געפרייט!

*) און אויך געזאַמלט.

און דאָס איז געווען איבער דער צייט
פאַר מיין גאַנצער מי מיין טייל! 7)

11 און האָב איך אָפּגעשטעלט אַ וויייל
און באַטראַכט די אַלע זאַכן,
וואָס כ׳האָב זיך אָנגעמיט צו מאַכן,
און אַלץ איז נישטיק, ווינט געיאָגט!
וואָס אונטער דער זון,—קיין ווערט פאַרמאָגט!

12 און צו דערגיין האָב איך באַגערט,
וואָס אַלזאָ איז פאַרשטענדיקייט,
און וואָס איז נאַריש און פאַרשייט?
דען דער מאַן וואָס וועט זיין ווערט,
וואָס וועט נאָכן קעניג קומען,
און דאָס אַלעס גרייט באַקומען?

13 און אָט וואָס איינגעזען איך האָב:
פון דום און קלוג דער אונטערשייד —
פינסטערניש און ליכטיקייט!

14 דער קלוגער האָט זיין אויג אין קאָפּ
און זעט אויף קלאָר!
עס טאַפּט דער נאַר אין פינסטערקייט!
אָבער אויך נישט מינדער וואָר,
דאָס איין געשיק פאַר אַלע גרייט!

7) „חלק" — וואָס דעם מענטש פון גאָט איז צו־אָרדער אויסגעפיילט, דאָס (איינציקע) וואָס אים באַשערט איז.

15 און האָב געטראַכט אין האַרץ ביי זיך:
וואָס ס'טרעפט דעם נאַר, דאָס טרעפט אויך מיך!
וואָס האָט מיין וויסן מיר געלוינט?
און זע, — די זעלבע נישטיקייט:

16 דום צי קלוג, ווערט נישט געשוינט!
און עס ווערט אויף אייביקייט
קיין געדעכעניש פאַראַרבט! *)
און — ווי שטאַרבט
גלייך אַ קלוגער מיטן נאַר?!

17 און איך פאַרהאַס דאָס לעבן דערפאַר!
דען עס מאַכט אַ בייז געמיט,
וואָס אונטער דער זון געשיט,
ס'איז נאָר אַ נישטיק ווינט־געפאַנג!

18 און עס טוט מיר הערצלעך באַנג,
וואָס אונטער דער זון כ'האָב אָנגעמיט,
נאָך מיר זאָל עס ווער געניסן
און זיין דערויף דער אייבער־האַר!

19 און וואָס וועט ער — ווער קען וויסן? —
זיין, אַ קלוגער צי אַ נאַר?

*) קיין געדעכעניש פאַראַרבן!
און ווי קען עס שטאַרבן
(גלייך) דער קלוגער מאַן גלייך צום נאַר.

20 עס איז נישט רעכט! און אָפּגעטון
האָב איך מיין האַרץ, און זאָג זיך אָפּ
פון מיין גאַנצן האָב און גאָב,
וואָס אָנגעמיט אונטער דער זון!

21 וואָס ס'מיט זיך איינער מיט פאַרשטאַנד 8)
מיט וויסן און מיט פעיקייטן,
צו פאַראַרבן אַלץ אַ צווייטן,
וואָס וועט געפינען אַלעם גרייט,
איין אומרעכט און אַ בייזע לייד!

22 און וואָס פאַר אַ גוטס דעם מענטש געשיט,
וואָס האָט זיך אונטער דער זון געמיט?
אַלץ געפלייסט זיך און געטראַכט,
פאַרברענגט די טעג אין פּיין און לייד,
און נישט גערוט — דאָס האַרץ ביינאַכט, —
אויך די זעלבע נישטיקייט!

23 איז אַ גוטס נאָר איינס פאַרהאַן, —
עסן, טרינקען זאָל דער מאַן,
לאָזן וואויל זיך גיין!
איז עס אָבער, ווי כ'האָב געזען,
ביי גאָט אין דער האַנט!

---

8) זיך געמיינט, פאַרגלייך קאָפּיטל ד', 8: ולמי אני עמל?

24 ווער איז אויסער מיר אימשטאַנד
נאָך צו גענימען און צו צערן ?
ווען ער וויליקט, טוט ער באַשערן
פרייד און קלונשאַפט און פאַרשטאַנד, —
און פאַרנעמט דעם זינדיקערס טעג
נאָר מיט זאַמלען און מיט שטרעבן,
דעם גאָט-געפעליקן איבערצוגעבן, —
אויך אַ נישטיק ווינט-געיעג.

—

ג.

1 צייט פאַר יעדעס דינג באַשערט ! 9)
אַלץ, וואָס אונטער דער זון פאַסירט,
צו דער צייט ווערט אויסגעפירט !

2 פאַרהאַן אַ צייט ווען מען געבערט
און צום שטאַרבן — אויך אַ צייט !
און אויף פלאַנצן — דאָ אַ צייט
און ווען אויסגעוואָרצלט ווערט !

---

9) אַלץ איז אונגעשטעלט און עס קומט אַליין אַרוים צו דער צייט. (זע ווייטער 11.) דער מענטש נאָר מיינט, אַז ער טוט עפעס מיט זיין ווילן, צו זיין ציל. דאָס איז נאָר די מי פון גאָט געגעבן, ער זאָל באַשעפטיקט זיין מיט איר.

3 און ווען געהיילט און ווען געטייט!
און אויף בויען און צעשטערן,

4 אויף געלעכטער און אויף טרערן,
צום קלאָגן צייט, צום טאַנצן צייט!

5 שטיינער ווען צוזאַמענפירן,
און ווען שטיינער ווערן צעשטרייט!
און ווען געהאַלזט און אָפּגעווענדט!

6 און אויף זוכן און פאַרלירן,
און ווען געהיט און ווען פאַרשווענדט!

7 און ווען געניית און אויפגעטרענט
און אויף שווייגן און אויף רייד!

8 אויף ליבן צייט, אויף האַסן צייט!
און אויף פרידן און אויף שלאַכט!

9 און דער פלייסיקער וואָס מאַכט
מיט זיין מיען און באַשטרעבן?

10 די גאַנצע זאַך, ווי איך זע איין,
איז דעם מענטש פון גאָט געגעבן,
ער זאָל דערמיט באַשעפטיקט זיין!

11 און אַלעם האָט ער אין דער צייט
אַריינגעפּאַסט און אָפּגעשטעלט!
אין האַרץ אַריין געגעו'ן אַ וועלט, 10)
נאָר ניִשט געגעו'ן די מעגלעכקייט
וואָס ער טוּט צו האָבן דערקענט,
ס'גאַנצע ווערק ביז אָנהייב ביז ענד!

12 און זע, קיין אַנדער גוטס פאַרהאַן:
עס זאָל לוסטיק זיין דער מאַן
און זיך גוטס טון אינם לעבן!

13 און יעדער מאַן 11) וואָס עסט און טרינקט,
און גוטס צו זען אים געלינגט
פאַר דעם וואָס ער דאָ מיט זיך אָפּ, —
עס איז פון מעכטיקן אַ גאָב!

14 און איך וויים: וואָס באַשערן,
ס'וועט דער מעכטיקער, וועט זיין!
און ס'וועט אויך אייביקלעך געווערן,
מאַכסט נישט מינער און נישט מיין!
און דאָס דער מעכטיקער באַצוועקט,
דאָס דער מענטש זיך פאַר אים שרעקט!

---

10) צו דערקענען, נאָך נאָך אַ קורצע צייט, דען די צייטן פון פאַרן מענטש ווערן פאַרגעסן און וואָס שפּעטער נאָך אים וועט זיין, אָדער „ווען ער זועט שוין זיין ביי די טויטע", קען דער מענטש נישט וויסן, עס וועט אים קיינער נישט קומען צו זאָגן.

11) נישט נאָר אַ קיניג ווי ער.

15 וואָס ס'איז געשען — איז שוין געשען!
וואָס קומען וועט, איז אויך געווען, —
און דעם געיאָגטן גאָט באַוואַכט!

16 און זע איך נאָך, ווי אונטער דער זון,
וואו רעכט דאַרף זיין, ווערט בייז געטון! 12)
און יעדע שלעכטיקייט געמאַכט,
וואו הערשן דאַרף גערעכטיקייט, —

17 זאָג איך: דער מעכטיקער וועט רעכטן
אי דעם בייזן, אי דעם שלעכטן!
אומרעכט ווער און רעכט געהאַט!
דען אויף אַלץ, פאַר יעדע טאַט
קומט דאָרט אַ צייט!

18 און איך טראַכט וועגן גערייד, —
דאָס פון מעכטיקן אויסגעשיידט 13)
זאָל זיין דער מענטש, און וואַרף אַ בליק, —
זיי זיינען אויך דאָס זעלבע פי!

19 דען איבער אַלע—איין געשיק!
עס שטאַרבן יענע גלייך ווי די!

---

12) אין טעקסט: במקום — אין דער אַנשטאַלט.

13) צייט אין רעכט איז פאַר אַלע גלייך, ווי עס איז פאַסיק פאַר אַ קילטור וואָס ציט צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויך אַ שור נגח.

דער זעלבער גייסט (14) פאַר פי און לייט,
און דער מענטש האָט אויך נישט מער!
דען אַלץ די זעלבע נישטיקייט!

20 אויך איין גאַנג פאַר אַלע גלייך!
אַלע — פון דער ערד געקומען,
און פון דער ערד צוריק גענומען!

21 ווער ווייסט, דאָס צו דער הייך
דער גייסט פון מענטש געהויבן ווערט,
און גענידערט צו דער ערד —
דער גייסט פון פי?

22 איך זע, עס בלייבט דעם מענטש נישט מער,
נאָר זיך צו פרייען מיט זיין מי!
דאָס איז זיין טייל און זיין באַשער!
קיינער ברענגט אים, ער זאָל זען,
וואָס נאָך אים עס וועט געשען!

---

14) רוח—גייסט, אָטעם, וואָס באַוועגט זיך אינם מענטש אין איינגעווייס (י״א, 5) און באַוועגט אים אָפּט צום בייזן אין וועלכן דער מענטש קען נישט באַהערשן (ח׳, 8);

1 ווידער האָב איך דעם רויב [15] באַטראַכט,
וואָס אונטער דער זון דאָ ווערט געמאַכט!
די טרערן, וואָס רינען!
פון געשמעלטע
און זיי וועלן קיין טרייסט געפינען!
און פון איבערמאַכט געקוועלטע, —
קיין דערבאַרמונג אין הער נויט!

2 טראַכט איך, בעסער לאַנג שוין־טויט,
אַלס די, וואָס לעבן צווישן די ליידן!

3 און נאָך בעסער איז פאַרביידן
איז דעם, וואָס איז נאָך גאָרנישט געווען
און דאָס בייזע נישט געזען,
וואָס דאָ אונטער דער זון געשיט!

15) עשק — נענטער צו אונזער עקספּלאָטאַציע — דאָס יאָגעניש, דאָס איינרייסעניש נישט אָפּגעהאַלטן פון געוויסן און ערלעכקייט און די קריגערייען דעריבער. פון עשק שטאַמט אויך דער עסק, מיט די עסקים ווערט אויך מיטגעריסן דער קלוגער מאַן (ז', 7) און „קלוג" איז דער געגנזאַץ פון שכל און כסיל, אַלזוי אויך—דער גערעכטער. גערעכטיקייט איז צילמעסיקייט.

4 און וואָס מענטש נאָך יאָגט זיך און מיט, *)
דאָס **) פאַרנעם, די טעטיקייט, —
איז נאָר ווייל איינער דעם צווייטן באַניידט!

5 און דער נאַר די הענט פאַרפרעסט
און זיין איינגן לייב זיך פרעסט!

6 בעסער אַ וועניק שטילקייט פאַרמאָגט
אַלס פיל געמאַטערט און ווינט געיאָגט!

7 און נאָך אַ שלימערע נישטיקייט
האָב איך דאָ אונטער דער זון געזען! 16)

8 עס לעבט אַ מאַן מיט איינזאַמקייט,
לעבן זיך ער האָט נישט קיינעם! —
ער האָט קיין זון, קיין ברודער געהאַט
און ער מיט זיך מיד און מאַט,
פון רייכטום ווערט זיין אויג נישט זאַט!

---

*) און וואס דער מענטש ז ך יאגט און מים.

**) דער.

16) זעלבסטבאַטראַכטונג פון פאַרלאָזטן (פיליכט געוועזענעם) קעניג שלמה, וואָס בענקט צו אַ פריינד, נאָך מער צום הויזגליק אין דרייען — מאַן, פרוי און קינד (זע ווייטער). ער איז אַלט, פאַרלאָזט און עס איז אים קאַלט ווי דעם קעניג ד״ד (ווייטער 11). עס שטייט אים פאָר די געפאַ־ קענטיק פון הדד, וואָס איז געקומען פון מצרים און איז אים געוועזן אַ „שטערעניש״ פאַר זיין גאַנצער רעגירונגס־צייט (מלכים א׳ י״א, 14);

און פּאַר וועמען אַלץ אינאײנעם
איך זיך מי און קוועל אָן אַ נוץ,
און זאָג מיך אָפּ פון יעדן גוטס, —
אויך אַ נישטיק בייזע זאַך!

9 איז צוויי שוין בעסער אַ סך
אַלם איינעם!
זיי קען גוטער לוין באַגלייטן,
פאַלט מען, איינער העלפט דעם צווייטן!

10 איינער האָט קיין הילף פון קיינעם —
וויי אים, אויב ער פאַלט!

11 און וואַרעם, ליגן צוויי אינאײנעם,
דעם איינציקן איז — קאַלט!

12 און ווען עמיץ באַפאַלט, —
אין צווייען ווערט לייכטער געפאָכטן!
און אַ זייל אין דרייען געפלאָכטן,
רייסט זיך נישט געשווינט!

13 בעסער דעם אָרעמען קלוגן קינד, 17)
אַלם דעם אַלטן קעניג דעם נאַר,

---

17) געמיינט הדד (מלכים א׳ י״א, 17).

וואָס זעט נישט קיין געפאַר,
וואָס האָט שוין יעדע פאָרזיכט פאַרלוירן 18)

14 רעגירן איז ער געקומען אַרויס
פון אָפּקער־הויז! 19)
אין זיין קעניגרייך 20) געמיין געבוירן!

15 און כ׳האָב געזען, ווי אָנגעשוועבט
קומט אונטער דער זון אַלץ וואָס לעבט,
און זיך מיטן צווייטן קינד גענענט, 21)
קעגן ערשטן אויפגעלענט!...

---

18) אַלס אַ מאַן פון פרעהס טאָכטער איז אים לייכט געווען דעם הדד, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי פרעה, ווען ער איז פון אדום אַנטלאָפן, צו באַזייטיקן: ער האָט דאָס נישט געטון ווייל אַלץ הענגט אָפּ אין דער צייט (ג׳, [1]). וואָס גאָט וועט באַשערן דאָס וועט זיין ([14]) אין „דעם געיאָגטן גאָט באַוואַכט" (5).

19) אין טעקסט „הסורים", נישט „האסירים" און נישט „הסירים" — מיט אַ „וויו" נישט קיין „יוד" און אָן אַן „אלף"— אַלזאָ נישט געבונדענע און נישט טעפּ. עס שטאַמט פון „סרה"— מאוסקייט: (הכל סר) אויך אַן אָרט, וואו מען קערט אָפּ. הדד, אויבוואָל פון קעניגלעכער פאַמיליע, איז אַ שלעכט געבוירענער, ווייל נישט פון גראָדער ליניע און פילייכט פון אַ קעפּסווייב.

20) אין אדום.

21) ווער דער צווייטער הדד האָט געזאָלט זיין, פאַר דער כראָניק פאַרשוויגן. עס האָט געקענט זיין אַזוינער, וואָס פיגורירט אין דער לעגענדע אַלס אשמדאי, וואָס האָט דעם קעניג שלמה

16 נאָך גרעסער איז דאָס פאָלק אין גאַנג,
נאָך אומצייליקער די רייען!
און וועלן זיך אויך מיט אים נישט פרייען, —
אַ נישטיקער ווינט=געדאַנק!

17 גייסט צו גאָט אין הויז אַריין,
וע, איף דיינע פיס געאַכט! 22)
און ליבער פיל=געהאָרזאַם זיין
אַלם ווי נאַרן פיל געשלאַכט!
דען עס ווייסן נישט די לייט
ווי אַ זינד ווערט גוט געמאַכט *)! 23)

---

פאַרטריבן, וויניקסטנס אויף אַ צייט. מעגלעך איז אָבער אויך, אַז די סענטענצן פון דעם קאַפּיטל האָבן אויך אַ באַציאונג צום פאָטער דוד, וואָס זאָגט אויף זיך: „ואני איש רש ונקלה" (שמואל א' י"ח, 24) און שמואל אויף אים — הלא יום קטן אתה בעיניך ישמיאל א' ט"ו, 17), וואָס האָט זיך אויף דער עלטער נישט אָפּגעהיטן פאַר זיין זון אבישלום און שפּעטער פאַרן צווייטן זון, אַבישלומס יינגערן ברודער אדניה.

22) איינפאַך — ריין צו האַלטן.

*) צו מאכן גוט א שלעכטע זאך!

23) „עשה" איז טון, אויך פאַרבעסערן, פאַרגיטיקן (כה יעשה לי האלהים) און אויך — רייניקן (ואת הבקר אשר יעשה אברהם...)

## טו

1 און פאַר גאָט דאָס מויל באַוואַכט! *)
און נישט פאַרכאַפּט זיך אין די רייד!
גאָט איז אין הימל, דו — אויף דר'ערד,
דאַרום פאַר גאָט קיין רייד געמערט!

2 דען קומט דער טרוים מיט פילערליי, —
אַזוי דער נאַר מיט פלוידעריי!

3 און האָסטו אַ געליבע געמאַכט,
נישט געצעגערט, אָפּגעבראַכט!
דען מען האָט קיין נאַרן ליב, —
וואָס דו האָסט פאַרשפּראָכן — גיב!

4 שוין פיל ליבער נישט פאַרשפּראָכן,
אַלס געזאָגט און וואָרט געבראָכן!

5 און אַ זינדיק וואָרט פאַרמייד:
זאָג נישט דעם, וואָס קומט דערמאַנען,
דאָס מען האָט דיך שלעכט פאַרשטאַנען,
עס וועט דער מעכטיקער הערן די רייד,
און ער זאָל בייז צאָרניק ווערן,
און דיין האַנטווערק דיר צעשטערן!

*) און פאר גאט דיין מויל—באוואך!

6 און ווער ס׳איז פיל *) מיט טרוימעריי,
שווערמעריי, גענאַרעריי,
דער אויף די פילע ווערטער האָט, —
ליבער זיך געפּאָרכט פאַר גאָט!

7 און זעסטו רויב אין לאַנד פאַרשפּרייט,
דער אָרעמאַן ווערט אויסגעניצט
פון רעכט באַרויבט די שוואַכע לייט
און פון יעדן גערעכטיקייט!
נישט וואונדער זיך, דאָס ווערט געשיצט
פון דעם, וואָס הויך און העכער זיצט,
און וואָס נאָך איבער זיי געשטעלט!

8 אין אין יעדן פאַך, די ערד
איז איבער אַלעם; איך אַ קעניג
איז דעם אַקער אונטערטעניק!

9 ווער זילבער ליבט, זילבער זאַט נישט ווערט!
און די מעננע ליבן האָט קיין ציל!

10 דען דאָס נוטע וואַקסט צומאָל,
נישט מינדער וואַקסט די עסער=צאָל!
נאָר די אויגן זעען פיל!

*) און איז ווער פול.

11 און זים — דער שלאָף פון אַרבעטס־לייט,
וויניק אָדער פיל פאַרצערט, —
און דעם רייכנס שלאָף צעשטערט
די זעטיקייט!

12 איז נאָך פאַרהאַן אַ בייזע לייד.
וואָס דאָ אונטער דער זון געשיט
צום באַזיצערס שווער געמיט
ווערט אַ רייכטום צוגעגרייט!

14 אַ שלעכט געשעפט און נאָך אַ צייט,
און דאָס רייכטום גייט פאַרלוירן,
און אים ווערט אַ זון געבוירן
איז שוין דערפון אַלעם בלויז!

15 און ווי פון מוטערס־לייב אַרויס
גייט ער צוריק, ווי ר'איז געקומען!
און פון דער מי, וואָס ער דאָ טרייבט,
אין דער האַנט אים גאָרנישט בלייבט,
און האָט גאָרנישט מיטגענומען!
און דאָס איז זי אויך די בייזע לייד,
דאָס אַ מאַן קומט און — פאַרשווינדט!

16 און וואָס דערלעבט ער איבער דער צייט
וואָס אויפן ווינט ער האָט זיך געמיט? *)
געגעסן אין אַ פינסטערקייט,
אין זאָרג און פיין, **) און צאָרן!

*) וואס ר'האט געמיט זיך אויפן ווינט.
**) און אין זארג, אין פיין.

17 און עס איז מיר נאָך קלאָרער געוואָרן,
דאָס דעם מענטשנס איינציק פאַרמעג
איז עסן און טרינקען און גוטס זיך טון
פאַר זיין גאַנץ באַמיען זיך אונטער דער זון,
און די געציילטע לעבנס=טעג,
פון מעכטיקן, וואָס איז אים געגעבן, —
דאָס איז זיין איינציק טייל אין לעבן!

18 און וועמען ער גיטער און רייכטום באַשערט,
און דערפון צו עסן אים נישט פאַרווערט,
און ס'מיט זיך דער מאַן מיט לוסטיקייט,
און האָט זיין טייל זיך אָפּגענומען
פון מעכטיקנס לייטועליקייט
האָט ער אַ געשאַנק באַקומען!
און טראַכט אויך נישט אין זיין לעבנס=צייט,
דען דער מעכטיקער האָט אים פאַרנומען
מיט האַרציקער פרייד!

---

ו.

1 און נאָך אַ בייזע לייד דערקענט,
וואָס ווערט אונטער דער זון געשיקט
אויף אַ מענטש און שווער אים דריקט!

2 ווערט אַ מאַן פון גאָט געגענט
רייכטום, גיטער און אויך ערן,
און ער קען זיך לייכט באַשערן
וואָס אַ האַרץ קען באַגערן,
נאָר פון דעם, וואָס ער פאַרמאָגט
אים צו עסן איז פאַרזאָגט!
עס איז אַ פרעמדן צוגעגרייט, —
אויך אַ נישטיק בייזע לייד!

3 ווען הונדערט זין דער מאַן געבערט
און ער לעבט אַ לאַנגע צייט,
און וואָס די יאָרן־צאָל איז גרעסער
און נישט געווען פון גוטן געהאַט
און קיין באַגרעבעניש געהאַט, —
זאָג איך, דעם מפּיל־קינד איז בעסער!

4 ער קומט דער מאַן אין נישטיקייט
און — צו פינסטערניש געווענדט!
זיין נאָמען דעקט די פינסטערקייט.

5 קיין זון געזען און נישט געקענט, —
פיל שוין ליבער דעם אַבאָרט.

6 און העט ער טויזנט יאָר געלעבט,
טאָפּלט, — און קיין גוטס דערלעבט, —
גייט דאָך אַלץ צום זעלבן אָרט!

7 די גאַנצע מי איז פֿאַר דער קעל,
און נישט זאַט ווערט אויך די זעל, —

8 וואָס איז דעם קלוגסטן מער נעגעבן?
און דעם אָרעמאַן, וואָס טויג,
וואָס ער קלינט זיך קענן לעבן? 24)

9 ליבער, וואָס עס זעט דאָס אויג,
אַלס דער קלוגער שנעלן־גאַנג, —
אויך אַ נישטיק ווינט־נעפאַנג!

10 און וואָס געקומען — 25)
אָנגערופן איז זיין נאָמען
און ער איז אַלס מענטש באַקאַנט!
און דער מענטש איז נישט אימשטאַנד
מיטן שטאַרקן צו שטרייטן!
און די מענטשן האָבן רייד,

11 רייד, וואָס מערן נאַרישקייטן,
וואָס פֿאַרן מענטש עס איז געשייט?

---

24) הלך — גיין, אַרויסטרעטן; ידע להלך — וויסן אַרויס־צוטרעטן; הלך נפש — דער געדאַנקען־גאַנג; דערפון שפעטער הלכה, כגנד החיים — געגן דער ווירקלעכקייט — פאַנטאַזירן; אויף דער שטעל — וועגן העכערע צילן פון מענטש אין שפעטערן לעבן; ער האַלט עס פֿאַר נישט ריכטיק: „עסן און טרינקען זאָל דער מאַן, דער מענטש מיט זיך פֿאַר דער קעל".

25) דאָס ניי־געבוירענע מענטשן־קינד.

12 און ווער קען אים ריכטיק ראָטן,
וואָס פאַר אים איז גוט אין לעבן,
און די טעג, וואָס דורכצושוועבן
אים באַשערט איז, ווי אַ שאָטן!
און קיינער וועט אים נאָכריכט געבן,
וואָס נאָך אים עס וועט זיך טון
אונטער דער זון!

---

ז.

1 ליבער אַ נאָמען 26) אַלס גוטע איילן,
און פון געבורט דער טאָג פון טויט!

2 און ליבער אין הויז פון טרויער צו איילן
אַלס אין טרינקער־הויז צו ווײלן
דען אַלעם ענדיקט מיטן טויט
נעמט זיך דער, וואָס לעבט, צום האַרץ!

3 און ליבער אומעט אַלס געלעכטער!
דען דאָס אָנגעזיכט ווערט שלעכטער,
און געבעסערט ווערט דאָס האַרץ!

4 אין הויז פון טרויער ס׳קלוגנס געדאַנק;
צום טרינקער־הויז דעם נאַרס פאַרלאַנג!

---

אַ גוטן, איבערגעלאָזט.

5 און בעסער פון קלוגן — אַן אָנגעשריי,
אײדער פון נאַרן צו הערן געזאַנג!

6 דען אײנערלײ:
צי קנאַקן דערנער אונטער אַ טאָפּ,
אָדער עס זינגט אַ נאַרישער קאָפּ!

7 און נישט *) איז דאָס אַלץ מיטאַנאַנד
דעם קליגסטן מאַן צעמישט דער רויב
און מאַכט דאָס בעסטע האַרץ [27] צו שאַנד!

8 און נישט אין אָנהײב די זאַכן לויב,
וואַרט נאָר, וואָס צו ענד געשיט!
און בעסער לאַנג= אַלס הויך=געמיט!

9 און לײכט אין צאָרן ברעך נישט אויס;
צאָרן רוט אין נאַרן=שויס!

10 און נישט געזאָגט אויך: וואָס באַדײט,
בעסער געווען דאָך פריער די צײט?

11 נישט אויס קלוגשאַפט טוסט עס פרעגן!
גוט איז וויסן, ניען פאַרמעגן!

---

*) און נישטיק.

27) לבֿ מתנה — פֿין גאָט געשענקט.

12 דערהויפּט פאַר די, וואָס זון נעניסן 28)
אין טאָפּלטן שאָטן 29) פון זילבער און וויסן!
דער פאָרצוג פון וויסן: די וויסנשאַפט
גיט איר באַזיצער לעבנס־קראַפט!

13 און דאָס ווערק פון גאָט נעם ווי ס׳איז,
וואָס פון אים איז קרום אַרויס, —
דו גלייכסט נישט אויס!

14 האָסטו העלע טעג, געניס!
און נעם פאַר ליב
אויך די ציַיטן וואָס זיינען טריב!
דען עס זענען ביידערליי ציַיטן
פון גאָט געמאַכט און טוט זיי בײַטן,
דאָס הינטער אים דאָס מענטשן־קינד
קיין שפּור געפינט! 30)

---

28) דאָס וואויל־געמיטיקסטע פאַרן אָריענטאַלישן מענטש צו זיצן אין שאָטן אונטער אַ דאַך פון אַן אָפענער געביידע אין צו זען און צו געניסן די זון. „ראה" האָט דעם באַגריף פון געניסן: „ראה חיים" — געניסן דאָס לעבן; „ראה שמש" — געניסן די זון — פיין און רואיק לעבן; די שטילקייט וואָס איז בעסער פון פיל מאַטערניש און ווינט־געיעג (ד, 5). אונטער דעם אויפדאַך ווערן אויפגענומען געסט: „אחרי כי באת בצל קורתי"; דער שאָטן אונטערן דאַך איז דער שוץ וואָס ווערט געגעבן;

29) שוץ (זע פריער 28).

30) גלייך עמיק גייט אָפּ און פאַרשווינדט, פאַרניכטנדיק נאָך זיך יעדן צייכן. עס איז גאָט נישט צו זען, נאָך אים קיין צייכן צו געפינען און נישט נאָר די צוקונפט איז פאַרשטעלט

15 און האָבּן האָבּ איך שוין אַלץ געזען
אין מיין נישטיקער לעבּנס=צייט!
דעם גערעכטן—אונטערגיין
און צוליבּ גערעכטיקייט!
און דאַגעגן — אויפּגערעכט
דעם שלעכטן אין זיין שלעכטיקייט!

16 זיי נ י ש ט צו קלוג, נישט צו נ ע ר ע כ ט, [31]
נאָך וואָס זאָלסטו זיך פאַרדאַרבּן?

17 און ווילסטו פאַר דער צייט נישט שטאַרבּן,
נישט צו דום און נישט צו שלעכט!

18 אָן דעם זיך האַלט און יענק נעם מיט.
ווער גאָט זיך פאָרכט גייט דורך די מיט!

---

(דער וויים קיינמאָל נישט, וואָס נאָך אים וועט זיין, און געשיס וואָס, קומט קיינער נישט אַראָפּ צו די טויטע זיי אָנצוזאָגן), נאָר אויך די פאַרגאַנגענהייט: די אַלטע צייכן ווערן פאַרגעסן. גאָט האָט אַזוי זיין ווערק געמאַכט, מען זאָל עס נישט דערקענען פון אָנהייבּ ביז צו ענד (ג׳, 11) און צוואַר דאַרום, מען זאָל זיך פאָרכטען פאַר גאָט (ז׳ אָרטן, 14). אַלזוי ווערט גאָט נישט געזעען אין זיין אָנקומען (די צוקונפט) און נישט אין זיין אָפּגיין (די פאַרגאַנגענהייט). פון איין משה ווערט דערציילט, דאָס ער האָט געזען גאָט פון אונטן; די צוקונפט איז פאַר אים אויך פאַרבּאָרגן געווען.

[31] קעניג-פּאָליטיק.

19 און דער מאַן וואָס קלוגשאַפט באַזיצט (32
ווערט פון זיין קלוגשאַפט בעסער געשיצט
אַלס פון שילדן=טרעגער צען, (33
וואָס זענען דאָ אין שטאָט געווען!

20 און קיינער אין לאַנד איז לויטער גערעכט,
וואָס זאָל נישט האָבן קיין פעלער געמאַכט...

21 און אויף ווייערע רייד נישט אַכט!
הער נישט, אויב דיך שילט דיין קנעכט...

22 ווען אין גערעכעניש געזוכט, —
האָסטו אַנדערע אויך געפלוכט!
— — — — — — — —

23 אויסגעפאָרשט דאָס אַלעם קלוג,
און געמיינט, איך וועל ווערן קלוג, —
און עס איז נאָך ווייט פון מיר,

24 און נאָך ווייטער פיל אַלס פריער,
און — אין אַ טיפעניש פאַרשטעקט,
דאָס עס קיינער נישט אַנטפּלעקט...

---

32) פון זיך גערעדט.

33) באַציט זיך אויף אַ געשעעניש;

25 כ'האָב אַלץ אַרום געפּאָרשט געגוג:
וואָס איז באַרעכנקייט און קלוג
און וואָס איז נאַריש ווילד און בייז?

26 און אָט דאָס איינע, וואָס איך וויים:
שלימער אַלס דער טויט דאָס ווייב!
זי האָט נעצן און פּאַלן אין לייב,
און ווי מיט שטריק בינדן די הענט,
אַנטרינט נאָר דער, וואָס פּאָרכט זיך פאַר גאָט,
דער זינדיקער קיין רעטונג האָט!

27 קהלת זאָגט: מי פאַרשוועגדט [34])
די גרויסע ווייבער=צאָל דערקענט
איינס אים איינס געפּאָרשט געגוי,
און נאָך געזוכט, — קיין רעכטס פאַרהאַן!

28 צווישן טויזנטער — געפין איך אַ מאַן,
צווישן די אַלע — קיין איינציקע פרוי!

29 און אויסער דעם, וואָס נאָך איך געפין
גאָט דעם מענטש האָט גראָד געמאַכט [35]), —
און זיי האָבן פיל אין זין,
רעכנשאַפטן פיל געמאַכט [36])!

---

34) פון טעקסט זענען אַרויסגעלאָזט איייניקע ווערטער.

35) לעבן, עסן, טרינקען און געניסן.

36) אידעען וועגן צוקונפטיקן לעבן, אויסגעטראַכט פון די וואָס קענען דאָס לעבן נישט געניסן און נייען דאַרום קעגן דער ווירקלעכקייט (ו', 7 און 8).

## ח.

1 צו דעם קלוגן [37] ווער זיך גלייכט?
און אין געריכט
ווער צום זאַך=באַשייד דערגרייכט?
מענטשן=קענערשאַפט באַלייכט
זיין אָנגעזיכט,
זיין אָנבליק צייכנט אויף די מאַכט!

2 ראָט איך: קעניגס מויל געהיט!
און ווייגן שוואור ביי גאָט געטראַכט! [38]

3 ווענדסט זיך אָפּ, — געציילט די טריט!
און צו קיין בייז זיך צונעשטעלט;
דער קעניג טוט, וואָס אים געפעלט!

דעם קעניגס וואָרט איז רעגימענט!
ער טוט, פון קיינעם אָפּגעווענדט!

און דער מאַן, וואָס היט געבאָט [39]
פאַר קיין בייז צו פאָרכטן האָט!

37) גערעדט פון זיך, פון „החכם מכל אדם“.
38) דוד, איבערגעבנדיק שלמהן דאָס קעניגרייך, האָט פאַר־זאַמלט דאָס פאָלק און האָט געהייסן צו שווערן שלמהן, וואָס דאָס פאָלק האָט אויך געטון.
39) פון קעניג.

6 ווייל צייט און רעכט דער קלוגער היט!
און ריכטיק צו דער צייט פאַרגעלטיקט
ווערט יעדע זאַך, ווייל איבערוועלטיקט
פון בייזן איז דעם מענטשס געמיט!

7 ווייל וואָס קומען וועט דער מענטש נישט ווייסט
און קומט עס, קיינער מאַכט באַקאַנט!

8 עס באַהערשט קיין מענטש דעם גייסט,
איז אים צווינגען נישט אימשטאַנד;
אין טאָג פון טויט דאָך העלפט קיין מאַכט,
און קיין געשיקטקייט אין דער שלאַכט,
דאָס בייזע העלפט נישט צום אַנטרינען!

9 דאָס אַלעם האָב איך אויסגעפונען, —
דען כ׳האָב געפאָרשט און דורכגעטראַכט
וואָס נאָר געשען איז אונטער דער זון,
צייט דעם צווייטן שלעכטס צו טון
עס האָט זיך באַנוצט דער מענטש מיט מאַכט!

10 און וואָרהאַפטיק דאָס איך האָב געזען,
זינדיקע לייט, באַהאַלטן געווען 40)
און — געקומען!

40) קָבר—באַהאַלטן, וואַרשיינלעך אין דער ערד באַהאַלטן.

און פון אַ הייליק אָרט געוואַנדלט, [41]
און אין שטאָט זיך איבערגענומען,
דאָס זיי האָבן רעכט געהאַנדלט!
אויך אַן אומגערעכטיקייט!

11 ווייל נאָך דער זינד נישט צו דער צייט
דער שטראָף־באַשייד ווערט אויסגעפירט,
ווערט דאָס האַרץ פון מענטש פאַרפירט
צו אַלדעס בייז! ווייל מען זעט,
דאָס הונדערט זינד אַ מאַן באַגערט
און עס ווערט אים פּראָלאָנגירט!

12 אויבוואויל איך וויים, דאָס (גוט?) וועט זיין
דעם גאָטספאָרכטיקן אַליין
וואָס טוט ערפילן זיין געבאָט

13 און נישט גוט דעם מאַן פון זינד,
וואָס ווי אַ שאָטן ער פאַרשווינדט,
ווייל ער קיין לאַנג לעבן האָט,
ווייל ער פאָרכט זיך נישט פאַר גאָט!

14 איז אַ נישטיקייט פאַרהאַן,
וואָס ווערט געמאַכט דאָ אויף דער ערד,
וואָס דעם גערעכטן איז באַשערט

---

41) פון „קרנות המזבח" אָדער פיליכט „עיר מקלט", וואָס זיי זענען געשיצט געווען פאַרן אויספירן די שטראָף. שלמה האָט נישט געקוקט דערויף (זע מלכים א ב', 28)

אָפּט דער לוין פון בּייזן מאַן!
און וואָס דעם גוטן צוגעהערט
דאָס בּאַקומט דער בּייזער מאַן!
זאָג איך: אויך אַ נישטיקייט

15 און די פרייד געלויבּט זאָל זיין!
דען קיין בּעסערס האָט צו טון
דאָס מענטשן־קינד אונטער דער זון,
נאָר עסן, טרינקען און לוסטיק זיין!
און זאָל עס זיין אויך זיין בּאַגלייט
איבּער זיין נישטיק מיאיקער צייט,
וואָס אונטער דער זון בּאַקומען ער האָט
געשענקט פון גאָט!

16 איך האָבּ דאָך דערויף מיין האַרץ געווענדט,
איך זאָל האָבּן די קלוגשאַפט דערקענט,
צו וויסן, וואָס טוט זיך דאָס אויף דער ערד,
וואָס שלאָפן נישט לאָזט טאָג אַזוי נאַכט!

17 און ס׳גאַנצע ווערק פון גאָט בּאַטראַכט,
און איינגעזען —
דאָס עס וועט קיין מענטש דערגיין,
וואָס אונטער דער זון עס ווערט געמאַכט
און זאָל ער מיען און זוכן, ער וועט נישט געפינען
וואָס עס שטעקט דערינען!
און מיינען צו געפינען דער קלוגסטער מאַן,—
עס איז קיין מעגלעכקייט פאַרהאַן!

ט.

1 דען איך האָב דאָס אַלעם צום האַרצן גענומען!
און ס'איז פון דעם אַלעם אַרויסצובאַקומען,
דאָס ווען אויך קלוג און ווען גערעכט,
אַזוי זיי, ווי זייערע קנעכט —
זענען בײַ גאָט אין דער האַנט!
אויך נישט באַגרייפט דעם מענטשס פאַרשטאַנד
נישט זיין האַסן, נישט זיין ליבן!
אַלס פון פאַר אים — פאָרגעשריבן!

2 און איין ענד פאַר אַלע מיט אַנאַנד:
פאַרן גערעכטן און נישט גערעכטן,
און װער א־מריין איז און ריין,
און צי געאָפּפערט ווערט צי ניין,
און פאַרן גוטן און פאַרן שלעכטן!
און צי שווערט דער מאַן צי נישט!
איין צופאַל אַלע דערווישט!

3 און דאָס איז דאָס שלימסטע אונטער דער זון
פון אַלעם, וואָס ווערט דאָ אָפּגעטון,
דאָס פאַר אַלע דיזעלבע גאַב!

און דער מענטש אין זיין לעבנס=צייט
איז פול בייז און צעלאָזנקייט,
און צו די טויטע אַראָפּ! [42]

4 דען ווען מען זאָגט נאָך: בלייב!
האָט נאָך צו האָפן אַ גרונד!
דען בעסער אַלס דעם טויטן לייב,
איז דעם לעבעדיקן הונט!

5 ווייסט דאָך פון טויט דער וואָס לעבט,
פון אַלעם ווייסן אויסגעוועבט
איז דער טויטער שוין!
און נישט פאַרהאַן פאַר אים קיין לוין,
עס ווערט זיין נאָמען נישט געוועקט!

6 און מיט אים צוזאַמען—אויסגעמעקט
זיין ליבשאַפט, האַס און נייד!
און אויף אייביקער צייט
דער טויטער מאַן זיין טייל פאַרלירט
אין דעם, וואָס אונטער דער זון פּאַסירט!

---

42) די אינטערוועלט: בור, דומה א. אַנדערש — (ז. ישעיה י״ח, פון 9 און ווייטער) און אין תהלים: נישט די טויטע לויבן גאָט און נישט די יורדי דומה (קט״ו 17).

7 גיי 43), עס דיין ברויט מיט פרייד!
וואוילגעמיט דיין וויין געניס!
פון גאָט דיין ווערק געוויליקט איז!

8 און שטענדיק ווייס זאָל זיין דיין קלייד!
און נישט געקאַרגט צום קאָפּ דאָס אייל!

9 און זע אַ לעבן אויף דער וועלט
מיט דעם ווייב, וואָס דיר געפעלט!
דאָס איז אונטער דער זון דיין טייל,
וואָס איז דיר, אין דעם נישטיק לעבן,
פאַר דיין פליים און מי געגעבן!

10 און וואָס דו קענסט, זיך צוגעשאַנצט,
צו וואָס נאָר עס געניגט דיין קראַפט!
דען אין גרוב, וואוהין דו שפּאַנסט —
קיין וויסן און קיין רעכנשאַפט,
קיין קלוגהייט און קיין ווערק!

11 וואָס נאָך איך אונטער דער זון באַמערק,
דאָס נישט דער פלינקער נעמט ס'געיעג,
נישט דער העלד די שלאַכט געווינט!
אַ קלוגער מאַן און הונגער־טעג,
און פאַרשטאַנד בלייבט אָן פאַרמעג,

---

43) צו זיך געווענדט.

און אין די אויגן נישט געפינט
דער וויסנדער לייטזעליקייט!
דען צייט און צופאַל מיט אַלעם רעגירט!
און קיינער קען וויסן, ווען עס פאַסירט.

12 עס זעט קיין מענטש פאָראויס זיין צייט!
און ווי די פיש אין נעצן פאַרכאַפּט
ווי פייגל אין דער פויגל=פאַנג, —
אַזוי ווערט אויך דער מענטש דערטאַפּט,
פלוצלונג קומט זיין אונטערגאַנג!

13 האָב איך אונטער דער זון געזען 44)
אַ קלוגע זאַך און שאַץ נישט גרינג.

14 איז אַ קליינע שטאָט געווען
און פון מאַנשאַפט האָט זי ווייניק
און זי באַפאַלט אַ גרויסער קעניג
און בויט אַרום דער שטאָט אַ רינג

15 פון הויכע טורמען. איז דערינען
געראַדע אין דער שטאָט פאַרהאַן
אַ נויט=באַדערפטיק קלוגער מאַן,

---

44) זעלבסטפאַרטיידיקונג, פאַרוואָס ער פירט נישט קיין קריג און זעט אַלץ דורכצופירן מיט קלוגשאַפט (פאָליטישע מיטלען), ווי דאָס נעמען אַלס פרויען די טעכטער פון די אַרומיקע קעניגע.

און ער האָט אַ ראָט געפונען
און די מאַנשאַפט איז אַנטרונען —
קיינער דאָך באַהאַלט אין זינען
און געדענקט דעם אָרימאַן!

16 און איך האָב געזאָגט דעריבער:
קלוגשאַפט ליבער
אַלס העלדישקייט!
דעם אָרימאַנס פאַרשטענדיקייט
ווערט פאַראַכט!
און קיינער אַכט
אויף זיינע רייד!

17 און ליבער איז, וואָס קלוגע לייט
ריידן אין דער שטיל,
אַלס דאָס געבריל
וואָס דער נאַרן־הערשער *) מאַכט!

18 און בעסער קלוגשאַפט אָן אַ שלאַכט!
און ס'איז איין זינדיקער אימשטאַנד
צו מאַכן פיל פון גוטן צו שאַנד!

---

*) באהערשער.

## י (45.

1 אַ טויטע פליג צו שאַנדן מאַכט
דעם ווירצנס אייל, און יערט זי אויף;
אַ קלוגער מאַן און אויך געאַכט, —
ס'ביסל דומהייט קוועלט אַרויף (46!

2 דעם קלוגנס האַרץ — זיין רעכטער האַנט,
דער לינקער האַנט באַפעלט דער נאַר (47!

3 און אויך אין וועג און אָן פאַרשטאַנד
מאַכט ער אַלעמען באַקאַנט,
אַז ר'איז אַ נאַר!

4 האָסט דיין קעניג אויפגעבראַכט,
פון אַנטרינען נישט געטראַכט;
אויסגעהאַלטן, מאַכסטו לינד
די שווערסטע זינד!

5 אונטער דער זון אַ בייז דערקענט!
גלייך אַן אירטום פון רעגענט! (48 (*

---

45) באַטראַכטונגען וועגן זיין דינעךשאַפט, הויפלייט און זיינע דיספּאָסאַנסן, וואָס גייען (קענן לעבן) — קעגן דער ווירקלעכקייט; און קעגן הויף-אינטריגן.

46) „יָקר" — דער עתיד פון „קוֹר". —

47) דער נאַר איז לינקיש אָדער געלינקט.

48) גאָס געמיינט.

*) (מאכט) ן אירטום דער רעגענט.

6 ווערט דער נאַר הויכגעשעצט;
דער רייכער מאַן 49) — אַראָפּגעזעצט!

7 האָב איך רייטן *) קנעכט געזען,
ווי די פּערשטן אויף די פּערד!
און דאַנגען — פּערשטן גייען
ווי די קנעכט **) צו פוס אויף דר'ערד ***)!

8 ווער עס אונטערגראָבט, דער פאַלט אַליין
אין געמאַכטן גרוב אַריין.
און פון שלאַנגען ווערט געביסן
ווער אין צוים זיך אײַנגעריסן!

9 ווער שטיינער רוקט, אויף שטיינער פאַלט,
און האָלץ ווער ס'שפּאַלט
באַקומט מיט אַ שייט!

10 און אַז שטומפּיק איז דאָס אייזן
און עס שאַרפט קיין שנייד צומאָל

---

49) רייך אין פאַרדינסטן — דער פירוש.

*) רייטן האָב איך.

**) גלייך ווי קנעכט.

***) רייטן די קנעכט
ווי הערן אויף פערד;
און הערן ווי קנעכט —
צו פוס אויף דער ערד!

און קרעפּטיקט זיך אַן איבעריק מאָל
אַלץ זיין קלונשאַפּט צו באַווייזן!

11 אָן אַ קלאַנג
בייסט די שלאַנג, —
וואָס די מער מיט צונגמאַן?

12 מיט פיינע רייד דער קלוגער קוויקט,
זיך אַליין מיט רייד פאַרשטריקט
נאַרישמאַן!

13 אין אָנהייב — דום, צו ענד — געמיין
און ווילד=פאַ־שייט!

14 און ס'האָט דער נאַר אַזוי פיל רייד!
און וואָס שפּעטער עס וועט זיין
ווייסט קיין מענטש און אים פאַרציילט
קיינער, וואָס נאָך אים געשעט.

15 און דער נאַר זיך מיט און קוועלט,
און ווייס אַליין נישט וואו ער גייט!

16 נישט צום באַניידן איז דאָס לאַנד
פון יונגן קעניגס לייבטער האַנט 50)
רעגירט,
וואו ביים אַדל=שטאַנד
ווערט באַגינען מיש געפירט!

---

50) זאָל דאָס זיין הדר?

17 וואויל דעם לאַנד, וואו עס שאַפט
דער פרייער קעניג. צו דער צייט
עסן זיינע אַדל-לייט
און צוליב באַקומען קראַפט
און נישט בלויס צום טרינקען!

18 אין פוילקייט וועט דער באַלקן זינקען;
און ביי אָפּגעלאָזטע הענט
רעגנט פון די ווענט!

19 צוליב געלעבטער ווערט געטישט!
דער וויין דאָס לעבן דערפרישט!
מיט זילבער אַלץ פאַרענטפערט ווערט!

20 און אויך אין געהיים ביי זיך
קיין קעניג פליך!
קיין רייכן שילט אין שלאָף-געמאַך!
דען פויגל פון הימל הערט
און פליגלמאַן צעטראָגט די זאַך.

---

## יא.

1 איבערן וואַסער דיין ברויט צעשפּרייט,
דו וועסט עס געפינען איבער דער צייט!

2 און זיבן און אַכט טייל דיין ברויט, —
וואָס אויפן לאַנד עס קומט פאַר אַ נויט,
קענסטו נישט וויסן!

ווערט דער וואָלקן פול מיט רעגן
אויף דער ערד וועט ער גיסן!
און פאַלט אַ בוים, נישט געלעגן
3 אין אָסט צי נאָרד, —
בלייבט ער דאָרט!

4 עס וייעט נישט ווער ווינטן היט [51],
וואָלקן־קוקער זעט קיין שניט!

5 ווי דו ווייסט נישט דעם גייסט־באַטרייב
צווישן די ביינער אין פולן לייב [52],
דאָס זעלבע ביסטו נישט אימשטאַנד
אין ווערק פון גאָט קלאָר צו ווערן,
וואָס ער האָט און וועט באַשערן,
אַלץ מיט אַנאַנד!

6 און באַגינען דיין זאָמען שפּרייט,
נישט אָפּגעלאָזט אויך אָוונט־צייט [53]!
דו ווייסט דען, וועלכער בעסער איז?
מעגלעך, דאָס דיביידע טויגן!

7 און ווי דאָס ליכט איז זיס!
און ווי די זון איז גוט פאַר ד׳אויגן!

51) די ווינטן וואָס ברענגען רעגן.
52) אויסערן בלוט, וואָס איז דאָס לעבן (כי הדם הוא הנפש.) ווייסט מען שוין דאָן פון דעם אָטעם (דער גייסט), וואָס באַוועגט זיך אין פולער טראַכט און באַוועגט דעם מענטש.
53) דער אַלטער מאַן דאַרף אויך נישט רוען.

8 און דער מענטש, מען זאָל אים שענקען
יאָרן אומצייליקע רייען, —
מיט אַלע וועט ער זיך פרייען,
אויך די טריבע טעג געדענקען, —
נישט ווייניק האָט זיי דאָס מענטשן־קינד
און אַלץ וואָס קומט—פאַרשווינדט!

9 פריי דיך, יונגע, מיט דיין יוגנטשאַפט!
און געניס דיין יוגנט־קראַפט
און לויט דיין אויג דיין לעבן לענק,
און אין וועג פון האַרץ געגאַנגען
נאָר דער מעכטיקער, געדענק!
וועט רעכנשאַפט אויף אַלץ פאַרלאַנגען!

10 און לאָז נישט צו קיין בייז צום האַרץ
און ווייט פון לייב די זאָרגן האַלט!
דען יוגנטשאַפט און לאָקן־שוואַרץ
פאַרשוואינדן *) באַלד!

---

יב.

1 און דיין באַשעפער אין זכרון
האָב יונגערהייט!
איידער עס קומט די שלעכטע צייט,
איידער עס דערגרייכן די יאָרן,
וואָס דו טוסט שוין נישט באַגערן!

*) פארשווינדן.

2 איידער די זון וועט פינסטער ווערן 54),
און דאָס ליכט, מאָנד און שטערן
און צוריקקערן
די וואָלקן נאָכן רעגן 55)!

3 ווען זיך וואַקלען די וועכטער פון הויז 56)
און די קרינס=לייט קרומען זיך אויס 57)!
און די מילנער 58) קיין אַרבעט דערוועגן.
די קליינע צאָל געניגט נישט מער
און פאַרשוואַרצט די שפּאַלטן=זעער 59)!

4 און ביידע טירן 60) פון מאַרק 61)—געשפּערט!
קוים *) ס'גערויש פון מאָלן געהערט 62)!
צום פויגל=פּיפּץ זיך אויפגעשטרעקט 63)!

---

54) די אויגן ווערן פאַרדאַרבן.

55) פאַר געזינטערע אויגן ווערט ליכטיקער נאָכן רעגן.

56) די פאָרנטדיקע ציין.

57) די זייטיקע ציין וואָס שניידן.

58) די באַק-ציין.

59) די וואורצלען און די צאָן-לעכער.

60) דער אונטער-דאַרם און דער אָרגאַן פאַר אורין.

61) דער אונטער-לייב.

62) שלעכט פאַרדייען.

63) דער אַלטער מאַן שטעלט זיך אויף און שטרענגט זיך אָן ביים ריידן און לאָזט נאָר אַרויס אַ דינעם קלאַנג אַ וויילע.

*) ס'ווערט קוים.

די װינגערלעך — טיף פֿאַרשטעקט 64)
און װאָס עס איז נאָר העכער שרעקט 65) (*
. . . . . . . . . . . . (**

5 און די מאַנדל 66)—אָפּגעבליט,
דער הײשעריק 67) געבױנן מיד!
די קאַפּער־בעער 68), די העלפּט שױן ניט!
עס נײט דער מענטש צום אײביקן הױז
און עס קומען די קלענער אַרױס
אין מאַרק אַרום, זאַמלען זיך גרײט!

6 און אײדער זיך קניפּט די זילבערנע קײט 69)
און אײדער די גאָלדענע קױל צעפּליט
און עס פּלאַצט דער קרוג בײם קװאַלן,
ס'ראָד אין ברונען אַרײנגעפֿאַלן!

---

64) די שטוב־זײטן זענען אַראָפּגעלאָזט.

65) שװאַכע פּים;

66) דאָס אײ.

67) דאָס מענער־גליד;

68) מענער קראַפט.

69) די צעשטערונג פֿון מענטש פֿאַרגליכן צו אַ צעשטע־רונג פֿון אַ ציםטערנע.

*) און װאָס נאָר העכער שרעקט.

**) און לעכער פֿול אױף יעדן טריט.

7 און דער שטויב ווערט צוריקגעקערט
וואו ר'איז געווען — צו דער ערד!
און צוריק טוט שוועבן
דער גייסט פון גאָט, וואָס האָט'ם געגעבן!

8 און אַלץ — קהלת זאָגט — איז אייטלקייט,
אייטל נישטיקייט!

---

שפעטערע צושריפט.

9 און אויסער דעם וואָס דער זאַמלער איז
אַ קלוגער געווען,
האָט ער נאָך דאָס פאָלק דערקענטעניש געלערנט,
און פאַרפאַסט און געפאָרשט און רעדיגירט
פיל גלייכעניסן.

10 געזוכט האָט דער זאַמלער צו געפינען זאַכן
פון ווערט, ערלעך פאַרצייכנטע ווערטער וואָרע.

11 די רייד פון קלוגע לייט זענען ווי שטאַכעטן
און אַריינגעזעצטע פלעקער, די מענער פון
פאַרזאַמלונגען, פון איין שעפער געגעבן.

12 און מער פאַר זיי, זיי געוואָרנט, מיין זון,
פון פילן ביכער=מאַכן; פיל גערייד מאַכט
מיד דעם לייב.

13 און צו ענד — שוין אַלץ געהערט! פאָרכט זיך
פאַר גאָט, היט זיין געבאָט, דערויף איז
דער גאַנצער מענטש.

14 ווייל יעדעם ווערק פירט גאָט רעכנשאַפט
איבערן פאַרהוילענעם, איבער גוט און בייז.

---

## א.

### 1.

1 * די רייד פון קהלת
דעם זון דודס,
* קעניג אין ירושלים.

2 דום — זאָגט קהלת, דום!
אַלץ אַרום
איז אייטל נישטיקייט,
נאָר פאַרגענגלעכקייט.

3 מיט זיך דער מענטש אונטער דער זון, —
וואָס האָט ער דערפון? (1

4 עס גייט אַ געשלעכט,
עס קומט אַ געשלעכט, —
שטייען שטייט אייביק די ערד!

5 די זון איז אויפגעגאַנגען;
די זון איז אונטערגעגאַנגען,
נישט אויפגעהערט,
שטרעבט זי צוריק צום ועלביקן אָרט
און שיינט פון דאָרט
אויפ׳ם ניי!

6 גייט קיין נאָרד,
קערט קיין זיד, —
עס קרייזלט פאַרביי
דער ווינט אין זיינע געיעגן, —
אויף די זעלבע געקרייזלטע וועגן
קערט ער צוריק!

7 עס יאָגן, עס אײלן
צום מעער די פלאָסן;
* נישט פול דאָס מעער קיין אויגנבליק!
קיין רגע פאַרווײלן, —
וואו אַרײנגעגאָסן,
פון דאָרט פליסט מען צוריק! (2

8 און אַלץ פאַרהאַוועט, נישט צום פאַרצײלן!
און דאָס אויג ווערט נישט זאַט פון זען.

9 און דאָך ווערן
וועט נאָר דאָס, וואָס איז שוין געווען,
געשען — וואָס שוין לאַנג געשען.
ס'איז אונטער דער זון קיין נײ'ס פאַרהאַן!

10 עס זאָגט אַמאָל אַ מאַן:
אָט, אַ נײע זאַך!
געווען! שוין פאַר יאָרן און יאָרן אַ סך,
* און פאַרשוואונדן אָן אַ צייכן!

## 2.

11 אויף אונזער גערעכעניש וועט בלייבן:
נישט דערגרייכן,
נישט דערלאַנגען
די שפּעטערע צייטן!
און אויך יענע וועלן גיין פון דאַנען,
און די וואָס וועלן יענע פאַרבייטן,
וועלן ז י י נישט דערמאַנען... 3)

12 * איך — קהלת — בין געוועזן קעניג!
אונטערטעניג
איז ישראל מיר געווען 4)!

13 און האָב געפאָרשט 5) און נאָכגעשפּירט
אַלץ, וואָס א ו נ ט ע ר ד ע ר ז ו ן פּאַסירט, —
כ׳וויל אַלץ וויסן און פאַרשטיין!
דאָס אומגליקלעכע 6) באַשטרעבן,
וואָס גאָט האָט איינגעגעבן
אין האַרץ פון מענטשן=קינד,
אים צו באַשעפטיקן דערמיט! 7)

14 אַלץ, וואָס אונטער דער זון געשיט,
איז דום, אייטל יאָגעניש נאָך ווינד, 8)
עס איז דאָ גאָרנישט צו דערגרייכן!

15 דען די אַלע 9) זאַכן
וענען קרום נישט אויסצוגלייכן.
פעל, נישט בעסער צו מאַכן. 10)

.3

16 איך האָב אין האַרץ ביי מיר געטראַכט:
איך ווייס מער און קען מער,
איך האָב עס ווייטער געבראַכט,
ווי אַלע, וואָס זענען ביז אַהער
אין ירושלים דאָ געווען.

17 נון מעכט
איך ווייסן און דערגיין,
וואָס ווילד איז, וואָס שלעכט,
וואָס קלוג און געשיידט...
אויך אַ נאַריש=נאַרישקייט,
וואָס מער קענען, אַלץ מער לייד,
וואָס מער ווייסן, מער פאַרדרוס... 11)

---

.ב

1 געפרובט געניטס,
לוסטבאַרקייט;
ס׳האָט מיין האַרץ מיך נישט געשטילט! 12)

2 צו פאַרווייַלונג זאָג איך: ווילד! 13)
און פרעג ביי דער פרייד:
וואָס איז די מער?

. . . . . . . . . .

3 טראַכט איך און קלער:
איך וועל באָדן זיך אין ווײַן,
איך אַליין
בין קלוג און וויל נאַריש געניסן;
ביז איך וועל זיך נישט דערוויסן,
וואָס פאַרן מענטש איז גוט אונטער דער זון...
ווי ער זאָל זיך פירן, וואָס ער זאָל טון
אין זיין קורצער לעבנסצייט, וואָס אים איז
באַשערט 14).

4 האָב איך מיינע ווערק געמערט,
זיך מיט זיי אַרומגעשאַנצט:
* הייזער געבויט, ווייַנבערג געפלאַנצט,

5 * גערטנער און סעדער, און אויסגעזוכט
און ביימער געפלאַנצט פון יעדער פרוכט.

6 * ציסטערנען געבויט, וואַסער צו לענקען,
* דעם ביימער־שפּראָציקן וואַלד צו טרענקען.

7 און איינגעהאַנדלט קנעכט
פון ביידערליי געשלעכט,
און געמערט מיין הויז־געזינד!
און הערטן פיל, און שאָף און רינד, —
פיל, פיל מער
אַלס אַלע, וואָס זענען ביז אַהער
* אין ירושלים געוועזן פאַר מיר.

8 און געזאַמלט זילבער אָן און גאָלד,
אַלץ, וואָס קאָסטבאַרקייט און ציר, [15])
שאַצן פון קעניג און לאַנד
אַלץ, וואָס מענטשן האָבן האָלט,
זינגער, קונצנמאַכער אַלערהאַנט,
צום צייטפאַרטרייב, —
מאַן און ווייב!

9 און אַלע איבערגעשטיגן,
וואָס זענען געווען דאָ ביז דאַנען!
מיין וויסן איז מיר בייגעשטאַנען,
און זאָג זיך נישט אָפּ פון קיין פאַרגעניגן.

10 עס ווערט באַשערט [16]),
וואָס נאָר דאָס אויג באַגערט
און דאָס האַרץ געליסט.
זאָל דען זיין מיין מי אומזיסט?
דאָס איז דאָך מיין גאַנצער פראָפיט [17])!

11 און שטעל זיך אָפּ און באַטראַכט
מיינע ווערק, וואָס כ'האָב מיט מיינע הענט
געמאַכט, —
אומזיסט זיך געמיט,
ווינט געיאָגט און ווינט געשאַפּט [18]), —
אונטער דער זון האָט גאָרנישט קיין האַפּט.

12 (ניטא אין הויפט-וואר אנט).

13 קלוג און דום—דער אונטערשייד[19]:
ווי צווישן ליכט און פינסטערקייט!

14 דאָס אויג אין קאָפּ,—דער קלוגער זעט
אין פינסטערניש דער דומער גייט!
דאָס איז קלאָר!
אָבער ס'איז נישט מינדער וואָר:
פאַרהאַן איין טראַף פאַר אַלע גלייך!
עס ווערט קיינער נישט געשוינט!

15 איך בין קלוג און וויסנרייך
און ענדיק מיטן נאַר צוגלייך.
וואָס האָט דאָס וויסן מיר געלוינט?
און איך טראַכט אין האַרץ דערום:
וויסן איז נישט מינדער דום!

16 ווייל ס'איז אין באַשטענדיקייט
קיין געדעכעניש פאַרהאַן...
קום פאַרעלטערט זיך די צייט,
— אַ קלוגער מאַן, אַ דומער מאַן, —
זינקט מען אין פאַרגעסנקייט!
ס'איז קיין אויסנאַם נישט פאַרהאַן...[20]
ס'שטאַרבט דער קלוגער ווי דער נאַר, —
דאָס איז שלעכט.

17 פאַרהאַס דאָס לעבן דערפאַר,
ווייל עס פירט זיך דאָ נישט רעכט.

וואָס אונטער דער זון עס ווערט געשפּינט —
איז דום און יאָגעניש נאָך ווינט 2)!

18 און אויף דער מי הויפּט אָן פאַרדריסן,
אויסגעקליגט, צונויפגענומען,
און נאָך מיר וועט דאָ עמיץ קומען,
וועט מיין האָב און גוטס געניסן
און זיין דערויף דער אויבער=האַר!

19 און וואָס וועט ער — ווער קאָן וויסן? —
זיין: אַ קלוגער, צי אַ נאַר?

20 דאָס איז דום! און ס׳קערט זיך אָפּ
פון פליים מיין האַרץ, פון האָב און גאָב

21 פון אונטער דער זון! קוים געשיט,
דאָס אַ קלוגער זיך באַמיט
מיט פעאיקייטן
און מיט וויסן, און פאַרשטאַנד,
צו פאַראַרבן עס אַ צווייטן,
וואָס קומט, גאַר אָן מי צום גרייטן,
וואָס האָט נישט צוגעלייגט קיין האַנט, —
דאָס איז דום, דאָס איז בייז!

22 און וואָס האָט ער געהאַט פון פליים
אונטער דער זון? וואָס פאַר אַ גענוס
פון דעם, וואָס ס׳האַרץ האָט אויסגעטראַכט?

פאַרגאַנגען די טעג מיט שמערץ און פאַרדרום,
נישט געדוט דאָס האַרץ ביינאַכט — —
אָט דאָס איז דאָס נאַרישקייט!

23 וואויל איז דעם, וואָס טרינקט און עסט,
און געניסט זיין מי מיט פרייד, — —
אָבער נישט פאַרגעסט:
דאָס אַלץ ביי גאָט אין דער האַנט!

24 דען ווער 22) איז אויסער מיר אימשטאַנד
צו פאַרצערן, צו גענימן?
דעם, וואָס אים געפעלט, גיט ער פאַרשטאַנד
און קלוגשאַפט און פרייד!
דעם זינדיקן באַשעפטיקט ער
מיט קלויבן צונויף און זאַמלען, וואָס מער 23)
צו פאַראַרבן דעם, וואָס געפעליקייט
אין זיינע אויגן געפינט...
איז דאָס אַלץ נאָר אייטלקייט
און אַ יאָגעניש נאָך ווינט!

ג.

.4

1 אַלץ איז טערמינירט!
אַלץ, וואָס אונטערן הימל פאַסירט,
האָט זיין צייט!

2 צו געבוירן צייט, צו שטאַרבן צייט!
זעצן און אויסצורייסן פלאַנצן!

3 און ווען געהיילט ווערט, און ווען געטייט,
אויף ברעכן צייט און אויף בויען צייט,

4 אויף וויינען, ווי לאַכן; אויף קלאָגן און טאַנצן.

5 שטיינער צו צעוואַרפן און צונויפצופירן.
און ווען זיך געהאַלזט, און ווען אָפּגעווענדט—

6 און צייט אויף זוכן, צייט צום פאַרלירן.
ווען עס ווערט געקאַרגט און ווען—פאַרשווענדט.

7 און צעריסן און צונויפגענייט,
* און אויף שווייגן און אויף רייד;

8 אויף ליבן און אויף האַסן צייט,
און אויף פרידן און אויף שטרייט!

9 און דער טוער וואָס האָט
פון זיין פליים און באַשטרעבן?

10 דאָס האָט נאָר גאָט
דעם מענטשן געגעבן

11 אַלם באַשעפּטיקונג [24], און אין דער צייט
אַליין אַלץ פּיין און פעסטגעשטעלט
און אין האַרץ אַריין געגע׳ן אַ וועלט,
נאָר אָן דער מעגלעכקייט
זיין ווערק צו געפינען
און צו האָבן דערקענט
פון באַגינען
ביז צו ענד...

12 דאָס איינציקע, וואָס קאָן באַפרידיקונג געבן:
לאָזן זיך וואוילגיין, גוטס טון אין לעבן [25].

13 דאָס איז דער מענטש! שפּייז און געטראַנק,
און גאָטס געשאַנק —
דערביי דאָס ביסל פרייד!

14 דען גאָטס ווערק איז אויף אייביקייט,
נישט צו מינדערן, נישט צו מערן!
און ער וויל, מען זאָל אים ערן
און שרעק איז זיין פאַרלאַנג!

.5

15 וואָס געווען, — איז פאַרהאַן!
וואָס גרייט זיך קומען — לאַנג געווען!
זוכט גאָט דעם געיאָגטן מאַן?

17 אונטער דער זון האָב איך געזען,
וואו רעכט דאַרף צו שפּרעכן,

רעגירט פאַרברעכן;
אויפן אָרט פון גערעכטיקייט —
שלעכטיקייט!

17 טראַכט איך: דעם גערעכטן,
ווי דעם אומגערעכטן,
אויף ס'ניי וועט גאָט ערשט רעכטן
און אַנטשיידן וועט זיין וואָרט
דאָרט,
וואו אויף אַלעם קומט אַ צייט

18 מענטשן-גערייד... 26)
גאָט האָט זיי אויסגעשיידט,
פאַר זיי אַן אויסנאַם געמאַכט,
און נענטער באַטראַכט —
דאָס זעלבע פי...

19 ס'טרעפט דאָס זעלבע יענע, ווי די,
איין טויט פאַר מענטש און טיר,
דערזעלבער דאָכט
ווערט אויסגעפאָכט!
און איך טראַכט אין האַרץ ביי מיר
פון מענטש ביז טיר קיין אונטערשייד,
דאָס איינציקע וואָרט
איז אייטלקייט!

20 און אַלץ גייט צום זעלבן אָרט!
פון שטויב גענומען
און צום שטויב צוריק געקומען!

21 און ווער קאַווירט און ווייסט,
דאָס דער מענטשלעכער גייסט
צו דער הויך געהויבן ווערט
און פון פי דער גייסט
נידערט צו דער ערד?!

22 זע איך איין:
עס בלייבט דעם מענטש נישט מיין,
ווי זיין ווערק מיט פרייד צו געניסן!
דאָס איז זיין טייל.
דערווייל, —
ער וועט זיך קיינמאָל נישט דערוויסן,
וואָס נאָך אים וועט זיין!

---

ד.

6 *).

1 און אויפס ניי,
ווי דאָ ווערט געפירט:
דאָס רויבעריי,
וואָס אונטער דער זון פּאַסירט,

*) שרעק און איינזאַמקייט פון אַלטן קעניג..

באַטראַכט —
צוואַנג און אויבערמאַכט,
און טרערן רינען, —
טרערן פון געשמעלטע,
וואָס וועלן קיין טרייסט געפינען;
פון אונטערדריקטע און געקוועלטע,
קיין באַפרייאונג פון צוואַנג,
קיין דערבאַרמונג אין דער נויט — *

2 און איך טראַכט, —
בעסער די, וואָס זענען לאַנג,
לאַנג שוין טויט,
איידער, די וואָס זענען נאָך אין גאַנג,
זעען די פּיין און די ליידן!

3 און בעסער פאַר ביידן —
די וואָס זענען נאָך דאָ נישט געווען,
און אונטער דער זון נישט געזען
אַלדאָס בייז!

4 און דאָס שטרעבן, און דער פלייס,
דאָס פאַרברענגען אין מי די טעג
איז נייערט די פרוכט
פון אייפערזוכט,
וואָס איינער דעם צווייטן באַניידט!

5 און דער נאַר, אויס נייד,
די הענט פאַרפרעסט
און פרעסט
זיך אויף זיין אייגן לייב!

6 בעסער לוסט אַ ווייל און צייט=פאַרטרייב,
אַלס יאָרן אין געיעג, אין גערודער!

7 איז אונטערן זון נאָך דומערס פאַרהאַן:

8 לעבט אַן איינזאַמער מאַן,
אָן אַ צווייטן, אָן אַ זון, אָן אַ ברודער, —
אים דאָס זאַמלען נאָך וואָס טויג?
און ס'ווערט נישט זאַט זיין גליסטיק אויג, —
און איך וואָס לעב אין פאַרדרוס,
און זאָג מיך אָפּ פון יערן גענוס
און מי זיך, — פאַר וועמען?
אַ נאַריש און שלעכט באַנעמען!

9 פיל שוין בעסער אין צווייען *),
די מי לוינט און קאָן געדייען:

10 איינער העלפט, ווען דער צווייטער פאַלט!
איינער אַליין, — קיין הילף פון קיינעם!

*) אין פרידן צוזאַמען געלעבט.

11 וואַרעם — ליגן צוויי אינאיינעם,
אײנעם אַליין איז קאַלט!

12 אין צווייען, אויב עמיץ באַפאַלט,
ווערט לייכטער געפאָכטן...
* און אַ זייל, אין דרייען געפלאָכטן,
* רייסט זיך נישט געשווינד!

13 שוין בעסער דעם אָרימסטן קינד *)
* אַלס דעם אַלטן קעניג, דעם נאַר,
וואָס קאָן זיך שוין נישט היטן מער!

14 פון געפענגניש ***) קומט ער אַהער
רעגירן... דער קעניגלעכער האַר,
(וואָס האָט זיין פאַרשטאַנד פאַרלוירן)
איז אויך אָרים געבוירן!

15 און אונטער דער זון זע איך די שאַר,
די נייע לעבעדיקע רייען,
וואָס באַגלייטן
דעם צווייטן —
דעם שטעלפאַרטרעטער — דאָס קינד!

---

*) ווען אַ קינד אין בונה.

**) אין הויף (אין טעקסט געדרוקט אין ווארשעווער „פריינד", איז וישם אָנגעוויזן, על-פי-טעות, צו וועלכן אָרט דיזאָיקע באַמערקונג באַציט זיך.—רעד.

***) אָריענטאַליש: טראָנפאָלגער אין טורמע.

16 אַ פֿאָלק אָן אַ צאָל
געווען דאָס זעלבע בײַ יענעם אַמאָל (27
און זיי מיט אים וועלן זיך אויך נישט פֿרייען!
אַ נאַריש יאָגעניש נאָך ווינט (28.

### 7 *).

17 קומסט צו גאָט אין הויז אַריין,
היט
דיינע טריט.
און באַווייז דיין פֿרום געמיט.
ענדער מיט געהאָרזאַם זיין ,
אַלס פֿאַר נאַרן אָפּפֿער שלאַכטן **):
ז׳ווייסן פֿון קיין בייז צו טראַכטן ***)! (29.

---

### ה.

1 און מיט דער צונג נישט איבעראיילט!
פֿאַר גאָט קיין ווערטער נישט געמערט!
דו ביסט אויף דר׳ערד
און דער גאָט אין הימל ווײַלט! (30

---

*) פֿרום-און אַלט-קעניג-פּאָליטיק.
**) פֿלייש דעם פֿאָלק צו געבן.
***) נישט דאָס פֿאָלק איז דער פֿיינד פֿון אַלטן קעניג, נאַר, ווי פֿריער דערמאַנט, זיינס אַ קינד אין געפֿענגניש.

2 מישט אוים דער טרוים איין אַלערליי,
* אַזוי דער נאַר מיט פלוידעריי! 31)

3 און האָסט צומאָל
נאָט וואָס צוגעזאָגט — באַצאָל!

4 דען שוין ליבער נישט פאַרשפּראָכן,
* אַלס געזאָגט און וואָרט געבראָכן!

5 פאַרזינדיק נישט מיט רייד דיין לייב;
ערלעך בלייב!
און זאָג נישט דעם, וואָס קומט דערמאַנען,
אַז מע האָט דיך שלעכט פאַרשטאַנען...
זאָל נאָט אויף דיר נישט צאָרניק ווערן
* און דיין האַנט־ווערק דיר צעשטערן!

6 פאַר נאָט זיך פאָרכט, אָן טרוימעריי,
גענאַרעריי און פלוידעריי...
— — — — — — —
— — — — — — —

7 הערשט אין לאַנד נאָר רויבעריי,
אונטערדריקט — דער אָרימאַן,
קיין גערעכטיקייט פאַרהאַן, —
זיכער זיי:

אַז דאָס אומרעכט ווערט געשיצט
* פון דעם, וואָס הויך און העכער זיצט,
און פון העכערס איבער זיי! *) 32)

8 אַם געשיידסטן אויפן לאַנד! **)
אויך דער קעניג
* איז דעם אַקער אונטערטעניק...
איין שפייזערין די ערד! 33)

9 ווער זיך זילבער מערט,
פון זילבער זאַט נישט ווערט...
און ווער עס ליבט און זיך פאַרשאַפט
די מענגע דינערשאַפט
האָט 34) דער־פון קיין נוץ! 35)

10 עס וואַקסט דאָס גוטס,
דאָס גוטס ווערט גרעסער; 36)
אויך—די צאָל פון זיינע עסער

11 * און זים—דער שלאָף פון אַ ר ב ע ט ס=מ אַ ן,
ווייניקער צי מער פאַרצערט;
דאָס זאַטקייט פונם ר י י כ ן מאַן
זיין שלאָף צעשטערט.

---

*) די אָנמאַכט פון אַלטן קעניג קעגן זיין באַאַמטנשאַפט.
**) בענקשאַפט צום לענדלעכן שטיל־לעבן און זעלבסט־באַשעפטיקונג.

## 8.

12 און נאָך אַ קרענקונג אַ בייז דערקענט,
וואָס דאָ אונטער דער זון זיך טרעפט:
אויף אַ צייט
צו זיין לייד
ווערט איינעם רייכטום געגענט...

13 און דערנאָך, אין אַ שלעכט געשעפט,
גייט דאָס גאַנצע רייכטום פאַרלוירן, —
* און אים ווערט אַ זון געבוירן,
איז שוין דער מיט ליידיקע הענט!

14 ווי פון [37] מוטער=לייב אַרויס,
גייט ער נאַקעט און בלויס
אַהין, פון וואַנען געקומען;
פון זיין מי אים גאָרנישט בלייבט,
פון זיין האַנטווערק, וואָס ער טרייבט,
אויפן ווינט זיך געמיט,
אָן צוועק און ציל...

15 דאָס מאַכט אַ שלעכט און בייז געמיט:
קיינמאָל גאָרנישט צו דערלאַנגען,
ווי געקומען, זוי געגאַנגען...

16 * און געהאַט — פאַרדרוס אַזוי פיל [38],
די טעג אין דער פינסטער פאַרצערט,
אין קראַנקהייט... און צאָרן...

---

*) די ציפער פון די פסוקים 11 — 16 גייען אין ענדגילטיקן טעקסט ניט נאָך דער אָרדענונג. רעד.

9.

17 איז מיר נאָך קלאָרער געוואָרן,
אַז אַ ווערט
אין דער קורצער לעבנס־צייט,
וואָס איז אונז פון גאָט באַשערט,
האָט נאָר עסן, טרינקען און ס׳ביסל פרייד
פון באַמיען זיך און שטרעבן;
דאָס איז אונזער טייל אין לעבן...

18 און האָט וועמען גאָט געגעבן
רייכטום און גיטער און באַקרעפטיקט
פריידיק פון זיין מי צו צערן, —
דער האָט
פון גאָט
אַ געשענק אַ גרויס באַקומען!
ר׳וועט אין זיין לעבן ווייניק וואָס קלערן!

19 גאָט האָט אים באַשעפטיקט,
מיט האַרציקער פרייד פאַרנומען! 39)

—

ו.

10.

1 איז אָבער אַ בייז פאַרהאַן
אונטער דער זון, וואָס טרעפט אַזוי שווער:

2 גיט גאָט אַ מאַן
רייכטום, גיטער און ערי׳
און קיין זעלן־באַגער,

דאַרף ער זיך נישט ווערן...
האָט אים אָבער גאָט קיין האַרץ נישט געגעבן,
צו געניסן פון לעבן,
פון זיין גוטס צו צערן...
און גאָטס געשענק
אַ מאַן אַ פרעמדער פאַרצערט!
אַ נאַריש־בייזע קרענק! 40)

3 און ווען ער הונדערט זין געבערט
און לעבט לאַנג, די גרעסטע לענג,
און וואָס דאָס פאַרמעגן גרעסער,
ווייניקער — די זעלע זאַט,
* און קיין באַגרעבעניש געהאַט, —
איך דענק:
דעם פעל־געבוירט שוין בעסער!

4 אין פינסטערניש געקומען, אין פינסטערניש געעקט,
זיין נאָמען פאַררעקט
די זעלבע נאַכט... 41)

5 די זון נישט געזען, פון זון נישט געטראַכט... 42)
אַלץ בעסער דעם אַבאָרט!

6 אַלם יענעם, וואָס ווערט פון גוטס נישט זעוואָר.
און ווען טויזנט יאָר

ער לעבט, און צוויי,
איינערליי!
עס נייט דאָך אַלץ צום זעלבן אָרט!

.11

7 דעם מענטשנס מי איז פאַר דער קעל,
ווייסט אויך די זעל
פון קיין „געווינ״...[43]

8 און ס'איז קיין פאָרצוג נישט פאַרהאַן —
אַלץ איינס: דום, צי קלוג...[44]
און לעבנס=קענטעניש וואָס טויג
דעם אָרעמאַן!

9 בעסער, וואָס עס וועט דאָס אויג,
אַלס דער קלינסטער וועלן=גאַנג...

.12

און דום איז אַלץ און ווינט=געפאַנג!

10 און וואָס געוועזן, איז באַקאַנט[45]
אָנגערופן שוין זיין נאָמען!
מענטשן=זאָמען!
* און דער מענטש איז נישט אימשטאַנד
מיט איבער=מאַכט צו פירן שטרייט...
ער האָט רייד![46]

11 און וואָס מער רייד, מער נישטיקייט...
וואָס האָט ער מער?[47]

12 און קאָן דען ווער
זאָגן אויף געווים,
וואָס פֿאַרן מענטש אין לעבן בעסער איז,
אין זיין נישטיקער יאָרן=צאָל,
וואָס ער פֿאַסירט נאָך, ווי דער שאָטן... 48)
און וועט דען וועמען ווען געראָטן
צו האָבן אַן אַנונג דערפֿון,
וואָס נאָך אים אונטער דער זון
וועט זיין אַמאָל?

---

ז.

.13

1 * ליבער אַ נאָמען, אַלס גוטע איילן,
אַלס פֿון געבורט — דער טאָג פֿון טויט...

2 און ענדער אין הויז פֿון טרויער צו ווײַלן,
אַלס צום הויז פֿון טרינקער צו איילן,
* דען אַלעם ענדיקט מיטן טויט... 49)
* נעמט זיך דער, וואָס לעבט, צום האַרץ.

3 און איידער געלעכטער, בעסער שמאַרץ.
וואָס ערגער ס'געזיכט 50), בעסער דאָס האַרץ.

4 * אין הויז 51) פֿון טרויער—דעם קלוגנס געדאַנק;
* צום טרינקער=הויז—דעם נאַרס פֿאַרלאַנג...

5 בעסער פון קלוגן אַן אָנגעשריי,
אַלס פון נאַרן צו הערן געזאַנג.

6 דערנער קנאַקן פון אונטערן טאָפּ,
אַזוי דאָס ליד פון נאַרישן קאָפּ... [52]

.14

7 און אַלץ איז דום, דען רויבעריי
אויף דעם קליגסטן מאַן פאַרפירט
און אַ געשענק, ווי אָפּט פּאַסירט,
אויף דאָס בעסטע האַרץ פאַרבלענדט.. [53]

8 פאַרן אָנהייב בעסער דאָס ענד,
און האַלט דיך בעסער קליין, אַלס גרויס,

9 און זיי צו צאָרן נישט איבעראיילט,
האָב לאַנגגעמוט; דען צאָרן ווייַלט
אין נאַ־ן־שוים... [54]

.15

10 און זאָג נישט: אַמאָל איז בעסער געווען...
און — פאַרוואָס זענען בעסער געווען
פאַרגאַנגענע טעג?

11 זיי קלוג, נישט פרעג!
גוט איז וויסן מיט פאַרמעג

12 און דערהויפּט פֿאַר זונען=זעער...
ווערט אָבער געקלערט:
פֿאַרמעגן אָדער וויסן?
וויסן איז מער,
וויסן דערנערט! [55]

13 און זע גאָטס ווערק צו געניסן,
דען איז פֿון זיין האַנט עפּעס קרום אַרויס,
צו גלייכן אויס
איז שוין קיינער נישט אימשטאַנד! [56]

## .16

14 האָסט גוטע טעג, לעב אין גענוס,
לעב איבער שלעכטע אָן פֿאַרדרוס.
די גוטע צייט, די שלעכטע צייט, —
איינס קעגן צווייטן האָט גאָט געמאַכט,
דאָס דער מענטש זיך נישט דערטראַכט,
און זאָל נישט געפֿינען קיין באַשייד
וועגן צוועק און ציל... [57]

## .17

15 און געזען האָב איך פֿיל
אין מיין קורצער, נישטיקער צייט...
גייט אַמאָל צו גרונט דער גערעכטער
אין זיין גערעכטיקייט,
און לאַנג לעבט דער שלעכטער
אין זיין שלעכטיקייט!

16 ווילסט דיין לעבן נישט פאַרדאַרבן,
* זיי נישט צו קלוג, נישט צו גערעכט!

17 און נישט צו דום, נישט צו שלעכט,
אויב דו ווילסט נישט שטאַרבן
פאַר דיין צייט...

18–20 ניטאָ אין הו פט־וואַריאַנט — רעד. 58).

## .18

21 צום האַרץ נישט גענומען קיין מענטשן־גערייד
און שעלט דיך דיין קנעכט—הער נישט צומאָל! 59)

22 וואָלסטו בעסער אין האַרץ געזוכט 60)
און דערמאַנט זיך, וויפיל מאָל
דו האָסט אַנדערע געפלוכט!

## .19

23 דאָס אַלץ געפּרובט, געזוכט באַשייד,
געמיינט, כ'וועל עפּעס דערגיין —
עס איז ווייט פון מיר, נאָך ווייט,

24 נאָך ווייטער, ווי געווען!
און אַזוי טיף און פאַרבאָרגן,
נישט היינט און נישט מאָרגן
אַרויסצובאַקומען! 61)

20.

25 איך האָב מיר צום האַרצן גענומען
צו שטודירן;
נאָכצופאָרשן, נאָכצושפירן
אַלץ, איך זאָל דערינגען
פלאַן און רעכנשאַפט געפינען... [62]
און צו דערגיין אַזוי אַרום,
וואָס בייז און נאַריש איז און ווילד און דום...

26 און אָט וואָס איך ווייס גענוי:
ערגער אַלס דער טויט איז די פרוי!
אין האַרץ שלינגען געשטעלט,
אַ פאַל-שטריק זי אַליין!
ווער גאָט געפעלט,
דער ווערט אַנטרונען...
דער זינדיקער פאַלט אַריין!

27 דאָס, זאָגט קהלת, האָב איך אויסגעפונען,
אויספרובנדיק איינע נאָך דער צווייטער —
קיין איינציקע געשייטער!

28 צווישן טויזנט מאַן
איז איינער אַ רעכטער פאַרהאַן...
קיין פרוי קיין איינציקע געפונען!

— — — — — — — — —

29 און נאָך צו וואָס איך האָב זיך דערטראַכט:
איינפאַך האָט גאָט דעם מענטשן געמאַכט
און זיי—טויזנטער פלענער שפינען!

## ח.

### .21

1 * מִיט דעם קלוגן *) ווער זיך גלייכט?
אין געריכט
דעם זאַך=באַשייד ווער טראָגט אַרוים? **)
זיין אָנגעזיכט
* מענטשן=קענערשאַפט באַלייכט!
עס צייכנט זיך זיין אָנבליק אוים — ***)
מיט מוט! 63)

2 און איך ראָט:
אויף קעניגס מויל אויפגעפּאַסט ****)
ווי דו פאַר גאָט געשוואָרן האָסט!

3 און שטיל, אָן האַסט,
דיין אָרט פאַרלאָזט! 64)
צו קיין בייז זיך נישט געזעלט!
דען ער טוט, וואָס אים געפעלט!

---

*) כּהחכם — מיט ה״א הידיעה—דער וועלטבאַרימטער חכם, „ויחכם מכּל האדם״.

**) שלמה איז באַרימט אַלס ריכטער, וואָס דערגייט די וואָרהייט דורך וויציקע איינפאַלן.

***) ישֻׁנֶּא — וישנה לטוב א. ד. ג.

****) געשטאַנען אין אָפּוּוואַרט, וואָס ער וועט הייסן.

4 * דעם קעניגס וואָרט איז רעגימענט!
* ער טוט, פון קיינעם אָפּגעווענדט!

5 און פאַר קיין בייז האָט קיין פאָרכט, —
ווער ס׳געהאָרכט!

6 דען צייט און רעכט דער קלוגער היט *)!
קומט די צייט, ווערט אַלץ פאַרגעלטיקט (55
ווייל פון בייזן איבערוועלטיקט
איז דאָס מענטשלעכע געמיט.

7 ווייל די פּאָלגן ער ניט ווייסט;
קומט עס, טוט מען נישט צו וויסן!

8 דאַרום באַהערשט ער נישט זיין גייסט **),
ער זאָל דעם גייסט אין זיך פאַרשליסן!
אין טאָג פון טויט, — העלפט קיין מאַכט!
קיין אָפּווענדונג אין דער שלאַכט!
ס׳העלפט קיין בייז נישט צום ענטרינען.

9 אָט דאָס האָב אויך (איך ?—רעד.) אויסגעפונען
איך האָב געפאָרשט און נאָכגעשפירט
וואָס אונטער דער זון עס פּאַסירט
פון זייט,
צו זיין לייד,
אַ מענטש איבער מענטשן רעגירט!

---

*) אַלץ האָט זיין צייט, ווען עס גליקט.
**) דעם בייזן ווילן.

22.

10 און וואָס נאָך איך האָב געזען
באַגראָבענע פאַרבּרעכער גייען
פריי אין שטאָט אַרום.
געקומען פון אַ הייליקער שטעל
און רימען זיך: האָבן דאָס און יענץ געטון!
דום!

11 און קומען קומט עס דערפון,
וואָס נישט אויף דער שטעל,
וואָס נישט אַזוי געשווינד
ווערט נאָך דער זינד
דאָס אורטייל אויסגעפירט...
דאָס, וואָס מען זעט,
דאָס הונדערט זינד אַ מאַן בּאַגייט, —
און עס ווערט אים פראָלאָנגירט, —
דאָס פאַרפירט.
און ערדרייסט ס'מענטשלעכע האַרץ אין זיי
צו אַלערליי
בּייז. [66]

12 איך ווייס,
אַז גוט וועט זיין
נאָר דעם גאָט-פאָרכטיקן אַליין,
וואָס היט זיין געבאָט! [67]

13 און נישט לאַנג וועט געראָטן,
דאָס נישט לאַנג לעבּט דער מענטש פון זינד,

דאָס ער ענדלעך פאַרשווינדט,
ווי דער שאָטן,
• ווייל ער פאָרכט זיך נישט פאַר גאָט [68].

14 שלעכט
איז אָבער דאָ אויף דער ערד,
אָפט איז אַ מאַן גערעכט
און ווערט ווי אַ זינדיקער באַלוינט
און פאַרקערט:
עס ווערט געשוינט
דער שלעכטער
און לעבט, ווי אַ גערעכטער [69].

15 דום. און פאַרן מאַן
איז אונטער דער זון פאַר־האַן
נישט מיין,
ווי דאָס ביסל פרייד:
עסן, טרינקען און לוסטיק זיין.
דאָס זאָל׳ס. . .
אין. . . [70] (*
. . . . . . . . . . . . [71]

---

## ט.

## 23.

1 דאָס אַלץ האָב איך צום האַרץ מיר גענומען,
און פון דעם אַלעם — אַרויסבאַקומען,
דאָס (אויך—אויסג.) קלוג און גערעכט —

*) דא איז דער הויפּס-וואר. סגעריסן ביז קאפ. ט.—רעד.

— !אַזוי די הערן ווי די קנעכט
!זענען אַלע בײַ גאָט אין דער האַנט
אויך איבערן מענטשלעכן פאַרשטאַנד
...איז זיין האַסן און זיין ליבן
אַלץ פון פריער — פאָרגעשריבן
איז אַלץ מיט אַנאַנד. 72)

2 און איין לאָז דערגרייכט
דעם גערעכטן, ווי דעם אומגערעכטן,
אַלץ איינס, אומריין און ריין.
* און צי געאָפּפערט ווערט צי ניין,
און דעם גוטן און דעם שלעכטן,
און ווער עס איז צום שווערן לייכט
...און ווער — פון שווערן אָפּגעהיט
אָן אונטערשייד! 73)

3 פון אַלעם, וואָס אונטער דער זון פּאַסירט
!די שלימסטע נייט
און דאָס האַרץ פון מענטש איז פון בייז פאַרפירט
פול דאָס האַרץ צעלאָזנקייט
בײַ דער גאַנצער לעבנס=צייט,
און דערנאָך — צום טויט! 74)

4 !וועמען געזאָגט איז: בלייב
;האָפּט ביז דער לעצטער שטונד
בעסער אַלס דעם טויטן לייב
איז דעם לעבעדיקן הונט... 75)

5 דער לעבעדיקער זעט זיין טויט פּאָראויס,
דער טויט איז פון יעדן וויסן בלויז!
און קיין פאַרגעלטונג און קיין לוין
איז פאַרן טויטן נישט פאַרהאַן;
לאַנג פאַרגעסן שוין
איז דער טויטער מאַן.

6 און זיין ליבשאַפט, האַס און נייד —
פאַרגעסן מיט דער צייט!
אין דעם, וואָס אונטער דער זון געשיט,
נעמט שוין נישט קיין טייל דער טרויט!

7 גיי, עס מיט פרייד
דיין ברויט,
וואוילגעמיט 76)
טרינק דיין וויין,
דען נאָט אַליין
האָט שוין לאַנג דיין טון געוויליקט!

8 * און שטענדיק וויים זאָל זיין דיין קלייד!
און געבילינגט
צום קאָפּ דעם אייל! 77)

9 און זע מיט דער פרוי, וואָס ליבסט, אַ לעבן!
איבער דער נישטיקער לעבנס־צייט,
וואָס איז דיר אונטער דער זון געגעבן...
דאָס איז דיין טייל

אין לעבן
אונטער דער זון פאַר דיין מיזעליקייט
און דיין גאַנץ באַשטרעבן! [78]

10 און וואָס צו טון דו ביסט אימשטאַנד,
וואָס עם דערגרייכט דיין האַנט
טו מיט איינגענער קראַפט,
דען קיין וויסן און קיין פאַרשטאַנד,
און קיין רעכנשאַפט
און שוין גאָר נישט פּאַסירט
אין גרוב, וואוהין דו ווערסט געפירט!
דאָרט קען שוין גאָרנישט געשען...

.24

11 און נאָך אונטער דער זון געזען!
נישט דער פלינקער — דאָס געיעג
און נישט דער העלד די שלאַכט געווינט.
דער קלוגער אָפט קיין ברויט געפינט
און דאָס רייכטום אין פאַרמעג
זיך נישט מיט פאַרנונפט געזעלט, —
נישט דער פאַרשטענדיקער געפעלט
און געפינט לייטזעליקייט,
איבער אַלי' צופאַל און צייט. [79]

12 און קיינער וויים, ווען זיין צייט וועט קומען,
ווי די פיש אין אַ בייזער נעץ פאַרנומען,
ווי די פייגל אין די פאַלן...

און גלייך מיט זיי, אויף דער צוקונפט בלינד־
צאַפּלט דאָס מענטשן־קינד, —
פון זיין אונטערגאַנג באַפאַלן 80) !

13 און אַ קלוגשאַפט אונטער דער זון געזען
(איך האַלט זי נישט פאַר גרינג !)

14 אַ שטאָט — אַ קליינע געווען,
מאַנשאַפט ווייניק...
באַפאַלט זי אַ גרויסער קעניג,
אַרומגענומען מיט טורמען אַ רינג !

15 איז אין דער שטאָט פאַרהאַן
אַ קלוגער נויטבאַדערפטיקער מאַן
און ער האָט אַ רעטונגס־מיטל געפונען.
* און די מאַנשאַפט איז אַנטרונען, —
און עס האָט קיינער נישט אין זינען
דעם אָרעמאַן —

16 איך טראַכט :
בעסער וויסן. . .
אָבער. . . *)

*) דא אין דער מאנוסקריפט צעריסן, עס פעלט טעקסט ביז קאפ. י. — רעד.

י.

## .25

1 אַ טויטע פליג אין ווירצערס טאָפּ
פֿאַרדאַרבט דעם אייל, יערט אים אויף. 81)
ער׳ און וויסן, ווען דומהייט אַ נאָפּ, —
קוועלט עס אַרויף! 82)

2 זיין רעכטע האַנט
דעם קלוגנס האַרץ באַפעלט;
מיט דער לינקער זיך קוועלט
דער נאַר! 83)

3 און אויך אין וועג (ווי אָן פאַרשטאַנד!)
* מאַכט ער אַלעמען באַקאַנט:
איך בין אַ נאַר! 84)
— — — — — — — — —

4 האָסט אָנגעמאַכט דיין הערשער פאַרדראָס,
דיין פלאַץ נישט פאַרלאָז!
אויסגעהאַלטנקייט מאַכט לינד
די שווערסטע זינד!

5 האָב איך אונטער דער זון אַ בייז דערקענט:
אַ פאַרזעען פון רעגענט!

6 הויך און העכער — דער נאַר געשעצט,
פאַרדינטע לייט — אַרונטערגעזעצט!

7 גנעזן האָב איך, קנעכט רייטן אויף פערד,
און הערן, גלייך קנעכט, צו פוס אויף דער ערד!

8 דער אונטערגראָבער פאַלט אָפּט אַליין
אין געמאַכטן גרוב אַריין;
* ווער אין צוים זיך איינגעריסן, —
ווערט ער פון אַ שלאַנג געביסן!

9 ווער שטיינער רוקט, דער שלאָגט זיך אָן,
דעם האָלצנהעקער פלעט אַ שפּאָן!

11 און אויב שטיל, אָן קלאַנג
עס בייסט די שלאַנג
מיטן באַרעדער, וואָס איז די מער? 85)

* 10 ס'אייזן שטומפּ, שאַרפט קיין שנייד
און מיט זיך, און אַרבעט שווער...
קלונשאַפט שטעקט אין פאָרבערייט 86)

12 אַ קלוגער רעדט — עס האָט אַ חן,
אין די רייד טוט דער נאַר פאַרשטריקן, 87)

13 הייבט אָן דום, ענדיקט נעמיין,
און רייד אַזוי פיל. 88)

---

*) אין מאנוסקריפט קומט דער פסוק 11 פארן פסוק 10, אין דעם ענגליטיקן טעקסט זיינען זיי אויסגעשטעלט אין דעם ריכטיקן סדר. — רעד.

14 קיין מענטש ווייס, וואָס דערפון וועט זיין,
וואָס עס טוט זיך אונטער זיין רוקן[89],
און פירט צו קיין ציל!

15 ניטאָ אין הויפּט־וואַר. — רער [90].

16 וויי דיר, לאַנד,
* פון יונגן קעניגס לייכטער האַנט
* רעגירט,
און באַגינען טיש געפירט
ווערט ביים ערלשטאַנד...

17 וואויל דיר, לאַנד!
וואו פעסט און פריי דער קעניג שאַפט;
צו דער צייט
עסן זיינע ערללייט
און צוליב קראַפט,
נישט צוליב טרינקען.

18 אין פוילקייט מוס דער באַלקן זינקען.
אָפּגעלאָזט די הענט, —
ווייגען די ווענט!

19 ניטאָ אין הויפּט־וואַר.

20 אין דער היים ביי זיך
אין שטילסטן אָרט
קיין קעניג פליך,

* קיין רייכן שילט אין שלאָפגעמאַכט, (שלאָף-נעמאַך?--רעד.)
דער פויגל פון הימל כאַפּט דאָס וואָרט,
פלינלמאַן צעטראָגט די זאַך 91).

---

### יא.

1 דיין פאָרראַט איבער וואַסער שפּרייט;
דו געפינסט עס מיט דער צייט...

2 אויף זיבן צי אַכט צעטייל דיין ברויט.
דען וואָס פאַר אַ נויט
עס קען קומען אויפן לאַנד,
איז דיר אומבאַקאַנט!

3 ווען רעגן-פול אַ וואָלקן וואַרט,
גיסט ער אויף דער ערד;
און פאַלט אַ בוים, אָסט צי נאָרד,
ר'בלייבט שוין דאָרט!

4 זייעט נישט — ווער ווינטן היט;
* וואָלקן-קוקער, האָט קיין שניט.

5 דען נאָטס ווערק און וואָס ער מאַכט
דאָס ווייס נישט קיינער,
ווי מע ווייסט נישט, צווישן ביינער,

דעם צוג פון ווינט אין פולער טראַכט;
ווערט קיין באַשייד דערויף געפונען!

6 זייע דיין זאָמען באַגינען
און לאָז נישט אָפּ צו אָוונט-צייט,
דען דו קענסט נישט וויסן,
וועלכער עס געדייט.
און מעגלעך, דאָס ביידע טויגן 92).

7 און זים איז דאָס ליכט; די זון צו געניסן
איז אַזוי גוט פאַר די אויגן 93).

8 זאָל צו מאָל
אַ מענטש לעבן יאָרן אויף יאָרן,
מיט אַלע וועט ער זיך פרייען; אין זכרון
וועלן אים בלייבן, נישט ווייניק אין צאָל,
... טעג...
... געקומען איז, נעמט זיין וועג... 94) *)

9 פרייי דיך מיט דיין לעבנסקראַפט **),
יונג לעבן!
דיין איז, ווי לאַנג יונג דו ביסט,
וואָס דיין אויג זעט, דיין געלוסט

---

*) דאָ אין דער מאַנוסקריפּט אויסגעריסן און עס פעלן ווערטער פון די אָנהייב שורות. — רעד.

**) דער פּ. 9 פאַרמאָגט נים קיין גרונט-וואַריאַנט, נאָר באַשטייט בלויז פון וואַריאַנטן. מיר גיבן אין „הויפּט-וואַריאַנט" דעם לעצטן וואַריאַנט, וועלכער באַציט זיך אויף גאַנצן פּסוק 9. — רעד.

און דיין געשענק,
נאָר געדענק 95)
דאָס גאָט 96) זועסטו געבן
אויף דעם אַלעם רעכנשאַפט 97).

10 נימאָ אין דויפּס־וואר. — רעד.

---

יב.

1 אָן באַשעפער געדענק יונגערהייט,
איידער ס׳דערגרייכט שלעכטע צייט,
יאָרן, וואָס זענען נישט ליב,
וואָס איז דיר אין זיי נישט געלעגן. 98)

2 ווען די זון ווערט טריב
* און דאָס ליכט, מאָנד און שטערן,
און דער וואָלקן קומט צוריק נאָכן רעגן... 99)

3 ווען פאַרצירט (פארצערט? פארציטערט?—רעד.) עס ווערן
די וועכטער פון דיין הויז,
די קריגער קרומען זיך אויס,
די מילנער, געמינער, בלייבן ליידיק שטיין,
די קראַטן־קוקער הערן אויף צו זען. 100)

4 און פֿאַרשפּאַרט אַרום דער גאַנג
דאָס געריוש פֿון מאָלן ווערט קוים געהערט.
אַ פֿויגל פּיפּצט, דער שלאָף געשטערט,
און דערנידערט די טעכטער פֿון געזאַנג,
געבוינגן און בלייבט. 101)

5 און עס שרעקט די קלענסטע הייך,
שטרויכלונגס אויף גלייכן וועג.
דער מאַנדלבוים האָט אָפּגעבליט
און די שנעקע שלעפּט זיך...
און די קאַפּערבער...
עס גייט די... *) 102)
. . . . . . . . . . . 103)

---

*) דאָ איז דער מאַנוסקריפּט צעריסן און עס פֿעלן די ווייטערדיקע פּסוקים 6, 7, 8, 9, 10, 11, 12, 13, 14 — ביזן סוף פֿון קהלת, עס איז בלויז פֿאַרהאַן אַ וואַריאַנט אויפֿן פּ. 7, געפֿונען אויף אַ באַזונדער בלעטעלע. — רעד.

1 וואָס בלייבט אים דערפון?

2 פון דאָרט (קערט מען זיך אום — אויסגעטכעקט),

3 קיין גערעכעניש ביי לייטן
פאַר ערשטע צייטן. 1)
(און וואָס נאָך שפעטער אונז פאַרבייטן. — אויסג.)
און נאָך (שפעטערע. — איסג.) קומען און ווייכן
און נאָך שפעטערע דערגרייכן
וועט זייער געדענקען אויך אַזוי ווייניק.

4 * איך קהלת בין געווען קעניג 2)
אין ירושלים
* אינטערטעניג
* איז ישראל מיר געווען.

5 I האָב איך קלוג (אַלץ. — אויסג.) געפאָרשט.
II און קלוג געפאָרשט.

6 אַן אומגליקלעכע באַשטרעבן.

7 צו באַשעפטיקן דערמיט;

8 אַלץ, וואָס אונטערן הימל געשיט,
איז אייטל יאָגעניש נאָך ווינט.

9 (דען. — אויסג.) אַלט.

---

1 (פאר דער לאנג פארשוואונדענער) צייט.
2 איך—קהלת—אין ירושלים קעניג.

10 עס זענען אַלע זאַכן
ניִשט אויסצוגלייכן — קרום.
און פעל — ניִשט צו רעכט צו מאַכן.

11 I (איך, — אויסג.) מעכט
וויסן און דערגיין
וואָס ווילד איז (און אויסג.) שלעכט.

II איך וויל דערגיין
וואָס שלעכט איז און ווילד, קלוג און געשיים...
איך אַ נאַרישקייט:
וואָס מער וויסן, אַלץ מער לייד.

12 (איך פרוב. — אויסג.) גענום
און לוסטבאַרקייט.
עס האָט מיין האַרץ זיך ניִשט געשטילט.

13 צים געלעכטער זאָג איך ווילד.

14 דאָך, איך קלער:
* איך וועל באָדן זיך אין ווייַן!
איך בין קלוג, אַליין
געניסן וועל איך נאַרישקייט!
ביז איך וועל ניִשט געפ'נען באַשייד,
וואָס גוט איז און וואָס געשיים
פאַרן מענטשן-קינד אונטער דער זון, —

15 און (איך האָב מיר.—אויסג. ) זילבער און גאָלד
(אָנגעזאַמלט, אויך.—אויסג. ) אַלערהאַנט.

16 און (אויך. — אויסג.) ניִשט פאַרוויינערט (אויסג. ) ווערט
פון מיר.

17 פאַר מיין מי מיין איינציק טייל.

18 (אויף וועלכע איך האָב זיך אַזוי-פיל געמיט
און ס'איז דום, דום. — אויסג. )

19 (און אין בּאַפּראַכט געניטען
וואָס דום איז און קלוג.—אויסג.

20 עס ווערט קיינער נישט געשוינט. — אויסג.

21 (דאָס אַלץ.—אויסג. ). וואָס אונטער דער זון געשיט.
(ווייל אַלץ איז.—אויסג. ) אַ נישטיק ווינט-געפּאַנג.

22 ווער (נאָך. — אויסג.)

23 מיט זאַמלען און באַשטרעבן. — אויסג.

24 (עס האָט יעדע זאַך איר צייט '
אַלץ, וואָס אונטער דער זון פּאַסירט
האָט זיין צייט באַשערט.
אַ צייט—ווען מאַן געבערט
און אויך צו שטאַרבן צייט!
ווען אויסגעוואָרצלט און געפּלאַנצט!
ווען ס'ווערט געטויט און ווען קורירט.
ווען געבוים און ווען צעשטערט!
און אויף געלעכטער און אויף טרערן.
און געקלאָגט און ווען געטאַנצט.
און ווען שטיינער ווערן צוזאַמענגעפּירט.
* און ווען געהאַלזט און אָפּגעווענדט.
און ווען מען זוכט, און מע' פאַרלירט!
* און ווען געקאַרגט און ווען פאַרשווענדט:
צונויפגענייט און אָפּגעטרענט!
* אין אויף שווייגן און אויף רייד!
* אויף ליבן צייט, אויף האַסן צייט
* און אויף פרידן און אויף שלאַכט!
און דער פליימיקער וואָס מאַכט
מיט זיין מי? און איך זע איין,
דאָס פון מעכטיקן געגעבן
איז דעם מענטשן דאָס באַשטרעבן
* ער זאָל דערמיט באַשעפטיקט זיין.

25 זע איך איין;
ניט פאַרהאַן קיין אַנדער שטרעבן
נאָר לוסטיק זיין
(און זיך גוט צו טאָן אין לעבן... — אויסג.)

26 איז עס אָבער מענטשן-גערייד... — אויסג.

27 געווען דאָס זעלבע (שוין—אויסג.) אַמאָל,

28 נאַריש און ווינט-געיעג—(אויסג.)

29 I (גייט צום טעכטיקן אין הויז אַריין,
* זע אויף דיינע פיט געאַכט
און ליבער טמיל געהאָרזאַם זיין,
אַלט ווי נאַרן פיל אָפּפער-שלאַכט,
* דען עס ווייסן נישט די לייט
ווי גוט צו מאַכן אַ בייזע זאַך).

II (און ליבער איז (שטיל אויסג.) געהאָרזאַם זיין
אַלס פון אָפּפער פיל געשלאַכט
ווי עס פון די נאַרישע לייט,
וואָס ווייסן נישט, ווי גוט געמאַכט 1)
עס ווערט פאַר גאָט אַ בייזע זאַך! אויסג.

30 (און פאַר אים דיין מויל באַוואַך 2)
נישט פאַרכאַפּט זיך אויף די רייד,
ער איז אין הימל, דו—אויף ד'ר'ערד,
אין דאַרום—קיין רייד געמערט!—אויסג.)
* גייט צו גאָט אין הויז אַריין
* זע אויף דיינע פיט געאַכט

31 (עס קומט דער טרוים מיט פילערליי,
און דער נאַר מיט פלוידעריי.—אויסג.)

32 פון העכערן נאָך איבער זיי,

---

1 זיי ווייסן נישט, ווי גוט געמאַכט.
2 און פאַר גאָט דיין מויל באַוואַך—אויסג.

33 שפייזן שפייזט די ערד.
און די מענגע דינערשאַפט
ברענגט קיין נוץ;

34 (זעט — אויסג.) קיין נוץ.

35 * (פון זילבער זאָט נישט ווערט,
ווער זילבער ליבט און זיך פאַרשאַפט.— אויסג.)...

36 דאָס גוטס ווערט גרעסער אין גרעסער

37 ווי פון דער.—אויסג.

38 און וואָס (האָט ער.—אויסג. ) דערלעבט איבער דער צייט.

39 I (אוןווירקלעך דער מאַן, וואָס גאָט האָט באַשערט
רייכטום אין גיטער און נישט פאַרווערט
צו באַהערשן זיין פאַרמעגט
און צו צערן, צו געניסן זיין מי מיט פרייד) 1)
און האָט זיין טייל זיך אָפגענומען,
האָט אַ געשענק 2) פון גאָט באַקומען
נעדענקט נישט פיל.

II און יעדער מאַן, וואָס גאָט האָט באַשערט
רייכטום און גיטער און נישט פאַרווערט
פון זיין מי זיין טייל צו באַקומען (געניסן) 3).
האָט אַ געשענק פון...

III צו צערן (און צו געניסן (אויסג.) מיט פרייד פון זיין פאַרמעגן
און האָט פון זיין מי זיין טייל זיך גענומען
דער האָט אַ געשענק פון גאָט באַקומען
נישט פיל געדענקט ער פון זיינע טעג
גאָט האָט אים מיט פרייד פאַרנומען.

---

1 צו צערן פרייד מיט פרייד.

2 א געשענקען.

3 I צו צערן מיט לוסט און צייט.
II צו צערן איבער דער צייט זיין מי.

40 I אינטער דער זון איין אומגליק פאַרהאַן,
אין דריקט אַזוי שווער:
גיט נאָט אַ מאַן 1)
* רייכטום, גיטער און ער
קען זיך באַשערן
יעדן האַרציקן באַגער.
און האָט ער פאַרזאָגט
צו הערשן איבער דעם,
דערפון צו צערן,
און אַ פרעמדער עס פאַרצערט.

II אין אונטער דער זון איין אומגליק פאַרהאַן,
וואָס טרעפט אַזוי שווער.
אַ מאַן 2),
וואָס נאָט נים רייכטום, גיטער אין ער,
וואָס דאַרף זיך נישט פאַרווערן
קיין האַרציקן באַגער, 3)

41 ווען ער הונדערט זין געבער
אין לעבט לאַנג, לעבט וואָס מער
און איז פון האָב און גוטס נישט זאַט
* און קיין באַגרעבעניש געהאַט —

I ענדער שוין 4) אַ מפּיל-קינד,
וואָס קומט און פאַרשווינדט.

---

1 לייטזעליגט
ע א מאַן. — אויסג.
2 (גאָט גיט. — אויסג. )
א מאַן.
3 וואָס א הארץ נאָר קען באגערן.
4 בעסער שוין.

* אין פינסטערניש געקומען, אין פינסטערניש נעעקס,
און מיט פינסטערניש דעם נאָמען פאַרדעקט.

II איז ליבער שוין אַ מפּיל-קינד, 1)
וואָס אין דער פינסטערניש קומט און פאַרשווינדט,
מיט 2) פינסטערניש דעם נאָמען פאַרגאָסן.

42 קיין זון געזען, קיין ליכט געגאָסן 3). — אויסג.

43 I אַ מענטש מיט זיך פאַר דער קעל;
און נישט זאַט ווערט די זעל!

II די מי פון מענטש איז פאַר דער קעל,
און די זעל
די האָט קיינמאָל נישט גענוג...

44 און דום צי קלוג,
ס'איז קיין אונטערשייד פאַרהאַן.

45 און וואָס געקומען (איז געקומען.—אויסג. )

46 פאַרהאַן רייד.

47 און פיל רייד, פיל נישטיקייט
און דער מענטש פאַרמאָגט נישט מער!

48 און ווייס דען ווער 4),
וואָס פאַרן מענטש איז געשייט
אין זיין נישטיקער לעבנס-צייט,
* וואָס ער, ווי אַ שאָטן פאַסירט.

---

1 איז ליבער שוין נאכט.—אויסג.
2 אין.—אויסג.
3 קיין ליכט געגאָסן, קיין זון נישט געזען.
4 און ווער וועט זאָגן אויף בעווים.—אויסג.

49 ענדער אין הויי פון טרויער צו ווייל̈ן
אַלס צום 1) פרינקערהויז צו אַיילן,
דער טויט (דער — אויסג.) איבער אַלעם שוועבט.

50 ערגער ס׳געזיכט.

51 צום הויז) 2

52 (דאָס אויסג.) קנאַקן פון דערנער אונטערן טאָפּ.
אַזוי דאָס געזאַנג פון נאַרישן קאָפּ.

53 און אַלץ מיט אַנאַנד —
נישטיק נישט!
דער רויב דעם קלינסטן מאַן צעמישט,
און מאַכט דאָס גאַנצע האַרץ צו שאַנד!

54 I בעסער דער ענד פון אַ זאַך
אַלס דער אָנהייב.
בעסער לאַנג· אַלס הויכגעמיט.
און לאָזט (לאָז?) דיין צאָרן נישט לייכט אַרויס
דען צאָרן רוט אין נאַרן·שויס.

II נישט אין אָנפאַנג ערשט צו ענד
ווערט יעטווידע זאַך דערקענט.
ענדער לאַנג· אַלס הויכגעמיט.
* און לייכט אין צאָרן ברעך נישט אויס;
צאָרן ליגט אין נאַרן·שויס.

55 I נישט זאָג: וואָס איז עס געשען?
אין אַמאָליקע צייטן איז בעסער געווען 3)

---

1 אלס אין.—אויסג.
2 צום (הארץ).
3 און זאָג נישט: עס איז בעסער געווען.

נישט אוים קלוגשאַפט טוסטו פרעגן.
גוט איז קלוגשאַפט מיט פאַרטעגן 1)
דערהויפט פאַר די, וואָס זעען די זון;
אין שאָטן פון וויסן, אין שאָטן פון געלט,
שטייגערט די ווימנשאַפט
און שטייגערט דעם קענערס לעבנס-קראַפט׳

II און זאָג נישט, וואָס איז עס געוואָרן?
די אַלטע צייטן זענען בעסער געווען אַלס איצט.
נישט אוים קלוגשאַפט איז דאָס פרעגן.
גוט איז וויסן מיט באַזיצט
נאָך מער פאַר די, וואָס זעען די זון.
אין שוץ 2) פון וויסן, אין שוץ פון זילבער
קלוגשאַפט לעבענדיק מאַכט.

III פרעג נישט: וואָס איז עס געשען,
פאַרוואָס איז פאַרצייטן בעסער געווען?
וואָס האָסטו דערפון —
פון (נאַרישן.— אויסג.) פרעגן 3)
גוט איז וויסן מיט פאַרטעגן
(דערהויפט פאַר די, וואָס זען די זון. — אויסג. )
אין שאָטן פון (זילבער. — אויסג.) אין שאָטן פון געלט
גיט לעבנסקראַפט
די ווימנשאַפט.

IV און נישט זאָג:
דאָס אַמאָל איז בעסער געווען.
וואָס איז עס געשען,

---

1 גוט איז צו פאַרשן ווען מען באַזיצט.
2 אין (שאָטן).
3 נאַריש איז דאָס פרעגן.

וואָס ערגער ווערט מיט יעדן טאָג...
(וואָס פאַר אַ נוץ
האָט דאָס פרעגן אויסן. 1)
גוט איז וויסן מיט פאַרטעגן.

V און נישט זאָג, וואָס איז (עס) געשען?
אַמאָליקע צייטן איז בעסער געווען
פאַרוואָס פאַרשלימערט זיך צייט? 2)
איז אַזאַ פרעגן
איז נאַרישט 3).
גוט איז וויסן ביי פאַרטעגן.

VI און נישט זאָג
וואָס איז עס געוועזן 4)
אַמאָליקע צייטן איז בעסער געווען
און ערגער ווערט מיט יעדן טאָג 5)
נישט אוים קלוגשאַפט טוסט עס פרעגן. 6)

---

1 I וואָס פאַר אַ נוץ ברענגט דאָס פרעגן.
II נאַריש פרעגן, וואָס ברענגט קיין נוץ.
III דען דאָס פרעגן האָט קיין נוץ.
2 פון וואַנען קומט די שלעכטע טעג.
3 דו פרעג נישט, זוך נישט געשייד.
4 (און נישט פרעג) וואָס איז עס געשען.
5 I און נישט זאָג,
אויב דו האָסט אַ שלעכטן טאָג
II און נישט רעד פון אונטערשייד
צווישן היינט און נעכטיקן טאָג.
III און פרעג נישט אויף קיין אונטערשייד
צווישן איצט און אַמאָל געווען
6 (וואָס האָסטו דערפון פון אַזאַ פאָרשן און פרעגן ·)..

VII (פריער ערווערב דיר דיין פאַ····· 1
דאַן האָסט ווימן אַ נוץ.
אין ווימן שוץ, אין זילבער שו·
דאַן וואָס מער וויסנשאַפט)...

VIII אַנגענעמער די זון צו געניסן 2)
אין סאַפלטן שאָטן פון זילבער און ווימן
ווימן, דערהויפט די וויסנשאַפט,
איז די קוואַל פון לעבנסקראַפט.

IX אין נאָך מער
פאַר די זונען-זעער
גוט איז באַשטעלט
אין שאָטן פון ווימן
אין שאָטן פון געלט...
און וואָס מער ווימן, מער לעבנסקראַפט
גיט די וויסנשאַפט.
* און וואויל איז די, וואָס די זון געניסן 3)
* אין סאַפלטן שאָטן פון זילבער און ווימן —
און וואָס מער ווימן, לעבנסזאַפט
קוועלט פאַר זיי די וויסנשאַפט 4)

---

1 גוט איז קלוגשאפט מיט ערווערב.

2 גוט איז די זון צו געניסן.

3 וואויל די, וואס די זון געניסן.

4 און פאַרשן וואס מער, דען וויסנשאפט
(איז פאר זיי לעבנסזאפט.—אויסג. )

56 און זע גאָט (גאָטס ?) וועלט !
זי גלייכט נישט אוים וואָס קרום געשטעלט ! 1)

57 גוטע טעג לעבּ אין נענוס
און די שלעכטע אָן פאַרדרוס,
דען די גוטע און שלעכטע צייטן
האָט גאָט געמאַכט איינס קעגן צווייטן
דער מענטש זאָל נאָך אים גאָרנישט געפינען.

58 וואַריאַנטן צו די פסוקים 19, 20, וואָס זיינען אין הויפּט-
וואַריאַנט ניטאָ.
I דעם קלוגער (קלוגן ?) שיצט דער פאַרשטאַנד 2)
בעסער (די) אַלס די שילדן-טרעגער ביען,
וואָס זענען אין שטאָט געווען.
און נישטאָ קיין מענטש אין לאַנד,
וואָס זאָל זיין דורכאוים גערעכט. 3)

II דעם קלוגן שיצט זיין פאַרשטאַנד
מער וו די הערשער צען, 4)
וואָס זענען דאָ אין שטאָט געווען;
און ס'איז אין לאַנד קיין מענטש פאַרהאַן,
וואָס זאָל שטענדיק זיין גערעכט,
וואָס זאָל נישט האָבן קיין פעלער געמאַכט.

---

1 I נעם באָטס וועלט
ווי זי איז.
II ווי זי איז נעם גאָטס וועלט.
2 שיצט בעסער זיין) פארשטאנד.
3 און נישטא קיין (גערעכטער).
וואס זאָל נאר גוטס טון אן א פעל.
4 קלוגשאפט שיצט דעם קלוגן מאן
בעסער אלס די הערשער צען.

59 און אויף פרעמדע רייד נישט אַכט.

60 דען בײַ זיך אין האַרץ געזוכט.

61 I אַלץ געפּריוועט, געזוכט באַשייד,
געמיינט כ'בין קלוג, עס איז ווײַט!
ווײַט איז וואָס פאַרגאַנגען
און טיף, נישט צו דערלאַנגען...

II (דאָס אַלץ געפאָרשט, געפּריוועט, געזוכט 1)
און געמיינט, איך וועל דערגיין
און עס איז נאָך פון מיר ווײַט.
עס איז נאָך ווײַטער ווי געווען,
און טיף נישט אַרויסצובאַקומען!—אויסג. )

III זוך איך און פאָרש, קלינג מיך און פּריוו,
און געמיינט איך וועל דערלאַנגען 2)
ווײַסט (ווײַט?) פון מיר! וואָס אָפּגעגאַנגען; 3)

62 (איך האָב צום האַרצן זיך גענומען:
צו פאָרשן, וואָס עס האָט אַ האַפט,
וואָס ס'איז קלוג און רעכנשאַפט.—אויסג.)

63 I צו דעם קלוגן ווער זיך גלײַכט?
ווער נאָך ווייס אַ זאַך באַשייד?
מענטשן-קענערשאַפט זײַן געזיכט 4) באַלײַכט
און זײַן אָנבליק — פּעסטיקייט.

---

1 דאָס אַלץ געפאָרשט, באַשייד געזוכט.
2 און געמיינט אָט אָט געפין איך וואָס באַשייד.
3 וואָס געווען, דאָס איז ווײַט.
4 (זײַן אָנגעזיכט).

II צו דעם קלונג ווער זיך גלייכט,
אין זאַך־באַשייר ווער טראָגט אַרוים ? 1)
זיין געזיכט באַלייכט
מענטשן־פֿינגערשאַפּט ;
און מיט קראַפּט
צייכנט זיך זיין אָנבליק אוים.

III צו דעם קלונג ווער זיך גלייכט ?
און אין געריכט, ווער טראָגט אוים (אַרוים?)
דעם זאַך־באַשייד ?
מענטשן־קענטעניש באַלייכט
זיין אָנגעזיכט.
עס צייכנט זיך זיין אָנ...

IV צו דעם קלונג ווער זיך גלייכט ?
ווער נאָך ווייסט דעם זאַך־באַשייד ? 2)
מענטשן־קענערשאַפט באַלייכט
זיין אָנגעזיכט ; מיט פעסטיקייט
צייכנט זיך זיין אָנבליק אוים.

64 I קעניגס מונד אויפגעפּאַסט! דאַרום 3)
ווי דו ביי גאָט געשוואָרן האָסט,
גישט געאַיילט דיין אָרט פאַרלאָזט.

II ראָט איך היטן דעם קעניגס געבאָט,
און געדענק דיין שוואור ביי גאָט,
טרעט צוריק, נישט געאַיילט;

---

1 זאַך באַשייד ווער טראָגט אַרויס.
מעסט זיך מיט דער(ס?) קלונג ווער ?
ווער נאָך ווייסט ווי ער...;
2 דאַרום קעניגס מויל געהיט !
3 אָפּ.—אויסג.

III ראָט איך שטרענג ערפּיל
דעם קעניגס געבאָט
ווי געשוואָרן דו האָסט פאַר גאָט,
גייסט פון אים...

65 רעכט און צייט דער קעניג היט;
אַלעס אין דער צייט פאַרגעלטיקט!

66 I און ווירקלעך איך האָב פאַרנומען, 1)
עס זענען באַשטאַטע פאַרברעכער געקומען,
זיי גייען פון אַ הייליקער שטעל
און רימען נאָך זיך פרעך 2)
(מיט זייער פאַרברעך.—אויסג.) זיי האָבן,
דום! ווייל נישט אויף דער שטעל
די שטראָף נאָך דעם ווערט אויסגעפירט.
ווייל אָפט מען זעט 3),
דאָס הונדערט זינד אַ מאַן באַגייט
און עס ווערט אים פראָלאָנגירט,
מאַכט זיי דרייסט 4), דאָס פאַרפירט
צו אַלדאָס בייז.

II און געזען האָב איך פיל:
קומען באַשטאַטע פאַרברעכער,
גייען פון הייליקן אַזיל
און באַנעמען זיך נאָך פרעכער

---

1 און ווירקלעך איך באמערק.
2 און רימען נאך זיך פרעך אין שטאָט.—אויסג.
3 ווייל (דאָס וואָס) מען זעט.
4 (דאָס) מאַכט זיי דרייסט.

רימען זיך מיט זייער טון! 1)
דאָס בייזע קומט דערפון,
וואָס עס ווערט נישט געשווינד
די פאַרגעלטונג אויסגעפירט 2).
ווייל מען זעט 3)
* דאָס הונדערט זינד אַ מאַן באַגייט
* און עס ווערט אים פראָלאָנגירט,
פון דעם ווערן זיי פאַרפירט 4).

III אין וואָס איך האָב געזען
פאַרשטאַטע פאַרברעכער גייען
פון אַ הייליקן שטעל
און געגאַנגען אין שטאָט אַרום,
באַרימט זיך, דאָס און יענץ געטון,
דאָס איז דום
און עס שטאַמט דערפון,
(וואָס דאָס אורטייל אויף דער זינד
ווערט נישט אויסגעפירט געשטעל. — אויסג.)
IV (מערק איך פיל
זינדער פאַרשטעקטע
אויפסנייו אַנטפלעקטע, 5)
געקומען פון אַ הייליקן אַזיל

---

1 גערימט זיך דאָס און יענץ געטון.
2 וואָס נישט (אזוי) געשווינד
ווערט די פארגעלטונג צויכגעפירט.
3 (און אז) מען זעט
4 אַז מאַכט זיי דרייסט.
צו אַלדאָס בייז.
5 (פּלוצלונג אַנטפּלעקטע).

נייען אין שטאָט אַרום פרעך
און רימען זיך מיט זייער פאַרבריעך —אייסג )

V מערק איך זינדער פאַרשטעקטע
אויפם נייי אַנטפּלעקטע
(נייען פון אַ הייליקער שטעלו) — אויסג )

VI געזען
פאַרשטאַטע פאַרברעכער קיטזן.
זיי גייען פון אַ הייליק אָרט
און רימען זיך אין שטאָט :
זיי האָבן רעכט געטאָן.

VII און וואָס איך האָב געזען
אין שטאָט אַרום נייען,
מאַנכע באַשטאַטע פאַרברעכער 2)
קומען פון אַ הייליקן אָרט. — — — —

67 און איך ווייס
דאָס 3) גוט וועט זיין
נאָר דעם גאָטס-פאָרכטיקן אַליין.

68 דעם זינדיקן 4) קען אַ ווײַלע געראָטן,
ר׳וועט פאַרשווינדן ווי אַ שאָטן
דאָס 5) ער קיין לאַנג לעבן האָט.
ווייל ער פאָרכט זיך נישט פאַר גאָט.

---

1 פון א הײליקער שטעל געקומען.
2 באשטאטע פארברעכער (פיל).
3 דאָס (ענדלעך).
4 (און דעם זינדיקן)
5 (דען).

69 I איז אויף דער ערד אַן אומרעכט פאַרהאַן
ווערט אַ רעכטשאַפענער מאַן
אָפט ווי אַ זינדער באַלוינט
און דער זינדער 1) געשוינט
און עס גייט אים.

II און דאָך איז עס ניש רעכט 2),
וואָס עס געשיט דאָ אויף דער ערד.
טרעפט אַ מאַן איז גערעכט 3)
און ס'איז אים דעם בייזנס לאָס באַשערט.
און דער שלעכטער ווערט געשוינט
און גלייך אַ גערעכטער געלוינט.
(דאָס האָט אָבער אייך קיין ווערט. — אויבג.),

II דאָך ווי.—אויסג.
שלעכט
פירט זיך דאָ אויף דער ערד.. 4)
אָפט איז אַ מאַן גערעכט
אין ווערט ווי אַ זינדער באַלוינט,
און דער זינדיקער ווערט געשוינט
און באַקומט דעם גערעכטנס טייל. — אויסג.)

III איז פאַרהאַן אַ נישטיקייט
וואָס געשיט דאָ אויף דער ערד.

---

1 ווערט.

2 און דאָך איז אַ בייז פאַרהאַן.

3 (טרעפט אויסג.) דעם גערעכטן מאַן.

4 I (דום אויסג.) פירט זיך דאָ אויף דער ערד.
II און דאָך איז נישט רעכט
(ווי עס;—אויסג. ) פירט זיך דאָ אויף דער ערד...

ווערט דעם גוטן בייז באַשערט
און געשווינט די בייזע לייט. 1)

70 I ליב איך איינציק און אַליין
נאָר די פרייד! אונטער דער זון 2)
האָט דער מענטש נישט וואָס צו טון
נאָר עסן טרינקען און לוסטיק זיין!
דאָס איז באַגלייטן אין זיין מיאוק לעבן,
וואָס איז אים אונטער דער זון געגעבן!

II און איך שאַץ דאַרום די פרייד! 3)
קיין אַנדער גוט (ס?) איז פאַר אַ מאַן
אונטער דער זון דאָ נישט פאַרהאַן
נור עסן און טרינקען און לוסטיק זיין.

71 וואַריאַנטן צו די פעלנדיקע פ. 16 און 17.
16 אַלץ געפאָרשט אין נאָכגעקלערט,
אום צו קימען צום פאַרשטאַנד,
וואָס דאָ טוט זיך אויף דער ערד,
וואָס מע יאָגט זיך דורכאַנאַנד,
וואָס קיין רו בייטאָג מען האָט
און מען זעט קיין שלאָף ביינאַכט.
II האָב איך געפאָרשט און נאָכגעקלערט
קלוג צו ווערן (און דערגיין; — איסג.)
וואָס דאָ טוט זיך אויף דער ערד.

17 און האָב איינגעזען, אַז גאָט
האָט דאָס אַלץ אַזוי' יעמאַכט,
דאָס דער מענטש זיך ,שט דערוויסט 4)

1 און עס באַקומט (באַקומען) דער בייזער מאַן (בייזע לייט)
וואָס דעם גוטן צוגעהערט.
2 (און געלויבט זאָל זיין די פרייד).
3 שאַץ איך דאַרום די לוסטיקייט.
4 דאָס קיינמאָל זיך דער מענטש דערוויסט.

וואָס אונטער דער זון עס דאָ געשיט 1)
און זאָל זיך מיען און זוכן אומזיסט.
עס איז דערפון
קיין באַגריף נישט צו געווינען,
און אויב דער קלוגער צו ווימן מיינט,
אים שיינט,
עס איז גאָרנישט צו געפינען.

72 דאָס אַלץ צום האַרץ זיך גענומען,
פון דעם אַלעם אַרויסבאַקומען,
דאָס אַלץ איינס קלוג און גערעכט, —
די הערן און זייערע קנעכט
זענען ביי גאָט אין דער האַנט!
אין דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד
שאַפט זיין האַסן און זיין ליבן
אַלץ אָנצייכנט; פאַרגעשר׳בן
איז אַלץ מיט אַנאַנד.

73 און איין לאָז דערגרייכט
דעם גערעכטן און אומגערעכטן
דעם וואָס אומריין איז און דעם וואָס ריין 2)
און צו געאָפפערט ווערט צו ניין.
און דעם וואָס איז 3) צו שווערן לייכט
און פון שווערן אָפגעהיט... 4)
קיין אונטערשייד! אויסג.

---

1 I וואָס דאָ געשיט אונטער דער זון.
II וואָס עס געשיט דאָ אונטער דער זון.
2 װער עס איז אומריין (װער ס׳איז ריין).
3 און װער עס איז.—אויסג.
4 פון שווערן אָפגעהיט.

74 I דאָס שלימססטע, וואָס אונטער דער זון געשים:
וואָס אַלע איין געשיק דערגרייכט!
און פול בייז און צעלאָזנקיים
איז דער מענטש אין זיין לעבנס-צייט.
(און. — אויסג.) שפעטער [1] צו דער אונטערוועלט! [2]

II שלעכט וואָס אונטער דער זון געשים,
דאָס איז איבער רער מאָס
און נאָך וואָס...

75 I ווער צום לעבן אויסגעקליבן,
האָט נאָך צו האָפן אַ גרונד [3]
דען בעסער דעם לעבעדיקן הונט
אַלס דעם לייב.

II דען איז געוויילט צום לעבן ווער
האָט נאָך צו האָפן גרונד [4]
און בעסער איז דעם הונט,
אַלס דעם לייב, וואָס לעבט נישט מער.

III דען ווער גערוויילט עס איז צום לעבן,
דעם איז האָפענונג געגעבן.

76 און וואוילגעמיט...

77 אין נישט קאַרג צום קאָפ דיין אייל.

78 און פאַרגעניגט לעב אָפ דיין וועלט
מיט דעם ווייב, וואָס דיר געפעלט.

---

1 און דערנאָך. — אויסג.
2 און צו די טויטע איבערגעגעבן.
3 האָפט נאָך ווער.
4 דער האָפט. — אויסג.

דאָס איז אונטער דער זון דיין טייל 1)
פאַר דיין גאַנצער מי און שטרעבן
אין דיין קורץ און נישטיק לעבן.

79 I ווידער זע איך 2) דאָ אויף דער וועלט,
נישט דער לייכט געווינט ס'געיעג
און אין געשלעגן
זיגט נישט 3) דער העלד.
* דער קלוגער אָפט קיין ברויט געפינט
און פאַרמעגן
זיך צו קלוגשאַפט נישט געזעלט
און נישט דער ווינדער געפינט
לייטזעליקייט.

II (נאָך וואָס אונטער דער זון באַטראַכט 4)
נישט דער פלינקער געווינט
דאָס געיעג
נישט דער שטאַרקער זיגט אין שלאַכט
* און פאַרמעג
זיך מיט ווייזן נישט געזעלט.—אויסג. ).

III מערק איך נאָך, דאָס אויף דער וועלט
נישט דער לייכטער — אין געיעג
אין נישט דער שטאַרקער זיגט אין פעלד.
אַ קלוגער מאַן און הונגער-טעג
(און פאַרמעגן מיט פאַרשטאַנד

---

1 דען דאָס קומט דיר, דאָס איז דיין טייל
פאַר באַר דיין גאַנצער מי אין לעבן.
2 וואָס נאָך איך זע.
3 נישט זיגט.
4 און ווידער האָב איך באַטראַכט.
נישט דער פלינקער (דאָס געיעג) געווינט.

זעלטן גייען האַנט אָן האַנט — אויסג.)؛ 1)
און קיין אונטערהאַלט געווינט. 2)
און נישט ווינדער געפינט
לייטזעליקייט

IV נאָך וואָס אונטער דער זון באַטראַכט,
נישט דער פלינקער ס'געיעג געווינט,
נישט דער העלד זיגט אין שלאַכט,
און דער קלוגער אַפֿט קיין ברויט געפינט,
פאַרמעגן 3) צו קלונשאַפט זיך נישט געזעלט
און נישט דער פאַרשטענדיקער געפעלט.

V נישט דער וואָס לייכט 4)
אין געלאַף דאָס ציל דערגרייכט
(דאָס) אין קריג
נישט ביים 5) שטאַרקן בלייבט דער זיג,
* דער קלוגער אָפט קיין ברויט געווינט 6),
לייטזעליקייט נישט דער ווינדער געווינט

VI און אונטער דער זון וואָס נאָך באַטראַכט:
נישט ווער ס'איז לייכט ס'געיעג געווינט
און נישט דער העלד זיגט אין שלאַכט,
אַ קלוגער אָפט קיין ברויט געפינט.

---

1 I און נישט האַנט אָן האַנט
גייט דאָס רייכטום מיט פאַרשטאַנד.
II רייכטהום גייט נישט האַנט אָן האַנט
(מיט פאַרשטאַנד).
2 I (ווינן קיין פאַרמעג) געווינט.
3 רייכטום אויסג.
4 דאָס נישט דער וואָס לייכט.
5 (דעם).
6 פאַרמעג און ווינן גייען צושייר.

פאַרשטענדיקער קיין רייכטום מאַכט, 1)
און לייטזעליקייט
דער קלוגער נישט געווינט,
דען איבער אַלעם צופאַל און צייט!

VII און ווידער געזען, דאָס אויף דער וועלט
נישט דער פלינקער קומט געשווינד
* נישט דער שטאַרקער זיגט אין פעלד.
* אַ קלוגער מאַן קיין ברויט געפינט
און נישט צוזאַמען האַנט אַן האַנט
גייט דאָס רייכטום מיט פאַרשטאַנד 2)
און דאָס לייטזעליקייט
נישט דער ווינדער געווינט.

VIII ווידער זע איך: אויף דער וואַלט
נישט דער לייכטער — דאָס געיעג,
* נישט דער שטאַרקער זיגט אין פעלד;
דער קלוגער מאַן האָט הונגער-טעג.

IX וואָס איז זע נאָך אויף דער וועלט,
נישט דער לייכטער נעמט ס׳געיעג
* און נישט דער שטאַרקער זיגט אין פעלד,

I און דאָס מענטשן-קינד איז בלינד
פאַראויס זיין צייט זעט קיינער ניש 3),
ווי אין בייזער נעץ די פיש,
ווי פייגל אין דער פויגל-פאַנג 4).

---

1 רייכטום צום קלוגן זיך נישט געזעלט. — ווייזנ.
2 גייט דאָס רייכטום מיט פאַרמעג.
3 I פאַראויס די צייט זעט קיינער ניש.
II די צייט פאַראויס דאָס זעט ער ניש.
4 ווי (די) פייגל אין דער פייגל-פאַנג (געפאַלן).

II און ווען די צייט וועט קומען,
דאָס פאָראויס זעט קיינער ניש׳.
ווי׳ן (אַ בייזער נעץ) די פיש
ווי פייגל אין די פאַנגען
אַזוי ווערט אויך דער מענטש געפאַנגען. 1)
פלוצלונג קומט זיין אונטערגאַנג.

III צייט אין צופאַל אַלץ רעגירט 2)
און קיינער ווייסט נישט ווען ס׳פאַסירט
און ווען עס קומט 3) ווייס קיינער ניש.
ווי אין בייזער נעץ פאַרנומען
* (ווי די פייגל אין די פאַלן... — אויסג.)

IV (אין — אויסג.) פאָראויס זעט קיינער ניש,
* וויין אַ בייזער נעץ די פיש
ווי די פייגל אין פויגל-פאַנג
ווערט געכאַפט דאָס מענטשן-קינד 4).

81 מאַכט דעם גאַנצן אייל צו שאַנד,

82 I פיל ערן און פיל פאַרשטאַנד
ווען דומהייט אַ נאַפּ,
קוועלט עס אַרויף
מאַכט אַלץ צו שאַנד.

II ער׳ און וויסן,—דומהייט אַ נאַפּ,
עס קוועלט אַרויף.

83 זיין רעכטע האַנט דער קלוגער באַפעלט 5)
(טוט, מיט דער לינקער דער נאַר זיך קוועלט און געלינקס)

---

1 אַזוי ווערט דער מענטש (באַנומען)
2 צייט און צופאַל צלע דערגרייכט. אויסג.
3 (און ווען עס קומען ווערט)
4 כאַפּט מען אויף דאָס מענטשן-קינד.
5 דער קלוגער באַפעלט זיין רעכטע האַנט.

84 (אין אויך אין וועג אַז האַרץ — אויסג.) אים פעלט,
קינדיקס ער איך בין אַ נאַר.

85 ווער די בייזע צונג באַדאַרף!

86 ס'אייז (ס'אייזן?) שטומפּ, ער מאַכט קיין שאַרף
און אַרבעט מיט דער לעצטער קראַפט, —
אין צובאַריים איז קענערשאַפט!

87 (און זיך אַליין
אין די רייד דער נאַר פאַרשטריקט.—אויסג. )
אין אָנפאַנג — דום, צו ענד — נעמיין.

88 און פאַרשיים — אויסג.

89 און ער האָט אַזוי פיל רייד—אויסג.
עס ווייסט קיין מענטש נישט, וואָס ס'וועט זיין!
און עס וועט נאָך אים געשען,
(אים קיינער דערציילט—אויסג. ).

90 און דער נאַר מיט און קוועלט,
און ווייסט נישט, וואו אַהין ער גייט.—אויסג.

91 I אין דער היים ביי זיך
אויף קיין קעניג קיין שלעכט געזאַנג,
אין שלאָף-געמאַך 1) קיין רייכן פליך,
דער פויגל פון הימל...

II אין שטילסטן צימער ביי זיך,
אין שטילסטן צימער קיין קעניג פליך.

92 I פון באַגינען 2) דיין זאָמען שפרייט,
לאָז נישט אָפּ אויך אָוונט-צייט

---

1 2) אין שלאָף-געמעך קיין רייכן פליך.
מאָרגן פרי—אויסג.

דו ווייסט דען, וועלכער בעסער איז? 1)
(אין מעגלעך איז. — אויסג.) אויב נישט ביידע 2) טויגן.

II אין דערפרי דיין זאָמען שפרייט
נישט אָפּגעלאָזט אויך אָוונט-צייט
דו ווייסט נישט וועלכער בעסער איז
(אין. — אויסג.) פילייכט וועלן ביידע טויגן.

93 I און דאָס ליכט איז זיס,
און גוט איז פֿאַר די אויגן.

II און דאָס ליכט איז אַזוי זיס,
און אַזוי גוט פֿאַר די אויגן
די זון צו זען 3).

94 I און זאָל אַ מענטש צו מאָל
לעבן יאָרן איבער יאָרן, 4)
אַלע וועלן פרייד אים געבן,
נישט ווייניק אין צאָל
(טריבע.. — אויסג.) 5)

II און דעם מענטש זאָל מען שענקען
יאָרן אומצייליקע רייען
מיט אַלע וועט ער זיך פרייען
(אין — אויסג.) וועט אויך טריבע טעג געדענקען. 6)
און זייער צאָל וועט נישט לינד 7)
און אַלץ, וואָס געקומען איז, פֿאַרשווינד!

1 דו ווייסט נישט, וועלכער געדייט.
2 דאָס ביידע טויגן.
3 (די זון צו זען) איז גוט פאר די אויגן.
4 אַ מענטש זאָל יאָרן איבער יאָרן לעבן.
5 אויך טריבע טעג. — אויסג.
6 וועט אויך (האָבן צו) געדענקען.
7 טריבע טעג און נישט לינד איז זייער צאָל.

95 I פריי דיך, יונג לעבן,
ווי לאַנג יונג דו ביסט. 1)
געניס 2) דיין פרישע לעבנסקראַפט
וואָס דיין...

II יונגערמאַן, ווי לאַנג יונג דו ביסט,
פריי דיך מיט דיין לעבנסקראַפט,
וואָס דיין אויג זעט, דיין האַרץ גלוסט...

III ווי לאַנג יונג דו ביסט,
פריי דיך מיט דיין לעבנסקראַפט,
געניס דיין יונג לעבן,
וואָס דיין אויג זעט, דיין האַרץ גלוסט,
נאָר...

IV פריי דיך, אָ, יונג לעבן,
ווי לאַנג פריש און יונג דו ביסט,
פריי דיך מיט דיין יונגער לעבנסק־אַפט
וואָס דיין אויג זעט, דיין האַרץ גלוסט,
איז דיין געשענק,
נאָר געדענק... 3)

96 דאָס (פאַר) גאָט.

97 און נישט פאַרגעס, דאָס רעכנשאַפט
וועט אויף אַלעם גאָט דערלאַנגען.

98 I פון באַשעפער טראַכט (נאָך) יונגערהייט,
איידער עס קומט די בייזע צייט,
אין וועלכער ס'איז דיר נישט געלעגן.

---

1 (פריי דיך) ווי לאַנג יונג דו ביסט.
2 פריי דיך מיט.
3 נאָר ווייס.

II אין דעם באַשעפער געדענק יונגערהייט! (1
איידער עס קומט די שלעכטע צייט,
די יאָרן וואָס זענען נישט ליב...
(און די טעג גלייכגילטיק ווערן—אויסג.)

III אין פון דיין באַשעפער געקלערט (2
נאָך יונגערהייט,
* איידער עס קומט די בייזע צייט
און די טעג שוין אָן אַ ווערט (3,
ווען דו פרעגסט, וואָס האָב איך דערפון?

99 I ווען טונקל וועט די זון דיר ווערן
און דאָס ליכט — מאָנד און שטערן,
און צוריקקערן
וועט דער וואָלקן נאָכן רעגן.

II ווען די זון (פון אויבן—אויסג.) ווערט טריב,
(און טונקל וועט ווערן—אויסג.)
(און—אויסג.) דאָס ליכט, מאָנד און שטערן.
דער רעגן איז פאַרביי און פון אַלע עקן
(וואָלקן זיך שטרעקן...—אויסג.)

100 I און ס'וואַקלען זיך די וועכטער פון (דיין—אויסג.) הויז
און די קריגס-לייט קרומען זיך אוים.
און די מילנער (מאָלן נישט מער, לוידיק גייען...—אויסג.) (4
די צאָל איז קליין
(און פאַרטונקלט די קראַמן-זעער. — אויסג.)

---

1 אָן באַשעפער דענק יונגערהייט.—
(איידער עס קומט...—אויסג.)

2 אין פון באַשעפער פון דיינעם געקלערט.

3 די יאָרן וואָס האָבן פאַר דיר אַ ווערט.— אויסג.

4 און די מילנער שטייען פוסט און פאַס.—אויסג.

II אונ עס וואַקלען זיך די וועכטער פון דיין הויז
אונ די קריגער קרומען זיך אויס,
אונ די מילנער שטייען פוסטע פאַס 1),
די קליינע צאָל געניגט נישט מער.
אונ די וואָס דורך די לעכער קיקן 2) ווערן שוואַרץ 3)

101 פארשפארט די טירן צו דער גאס 4),
ווייל דאָס געמעל איז געפאַלן 5)
(אונ יעדער פיפץ פון אַ פויגל וועקט.—אויסג.) 6)
די זינגערלעך אַראָפּגעלאָזט 7).

102 אונ עס שרעקט אויב וואָס העכער 8)
אונ דער וועג איז פול מיט לעבער.

103 וואַריאַנט אויף פ׳ 7, (אין הויפט-וואַריאַנט פעלט).
ס׳גייט דער שטויב צוריק צו דער ערד,
וואו ר׳איז געווען
אונ דער גייסט צוריקגעקערט
צו גאָט,

---

1 פוסט אונ פאס.
2 אונ די וואָס קוקן דורך די שפאלטן—אויסג.
3 פארפינסטערט די זעער. אויסג.
4 I פארשפארט די טירן (אין גאס אריין.—אויסג. ),
II אונ עס שליסט זיך די טיר ארויס.
III אונ (ס׳ווערן,—אויסג. ) אין מאַרק (די טירן) געשפערט.
5 (אונ—אויסג.) דאָס געמעל (ווערט קוים געהערט—אויסג.).
6 I צום פויגל-פיפץ זיך אויפגעשטרעקט—אויסג.
II צום פויגל-פיפץ זיך (אויפגעשטעלט—אויסג.)
7 I די זינגערלעך (ערגע(ץ) טיף פארשטעקט—אויסג.)
II די זינגערלעך ערגעץ פארבויגן—אויסג.).
8 אונ די קלענסטע הייך דערשרעקט.

# צוגאָב=וואַריאַנטן

## צום הויפּט=וואַריאַנט.

### קאַפּ. א.

#### פּסוק 16.

איך האָב אין האַרץ בײַ מיר געטראַכט:
איך האָב עס ווײַטער געבראַכט,
איך ווײס מער און קען מער,
אַלס די אַלע, וואָס זענען בײַ אַהער,
אין ירושלים דאָ געווען.

### קאַפּ. ב.

#### פּסוק 4 שורה 2.

און זיך מיט זײַ אַרומגעשאַנצט.

#### פּסוק 5.

גערטנער און סעדער... אויסגעזוכט,
און בײמער געפלאַנצט פאַר יעדער פרוכט.

#### פּסוק 7.

און אײַנגעקויפט זיך מעגד און קנעכט
פון בײדערלײ געשלעכט,
און געמערט דאָס הויז-געזינד

און הערמן—ייאָף און רינד —
און פיל, פיל מער,
אַלם אַלע, וואָם זענען ביז אַהער
אין ירושלים געוועזן פאַר מיר.

פסוק 8, שורה 2.

און וואָם נאָר קאָסטבאַרקיים און ציר.

דערזעלבער פסוק, שורה 4.

און אַלץ, וואָם מענטשן האָבן האַלט.

פסוק 9 און 10:

אַלע, וואָם זענען געוועזן פאַר מיר,
איבערגעשטיגן.
און נישט פאַרוויינערט ווערט,
וואָם דאָם אויג באַגערט,
און יעדעם פאַרגעניגן,
וואָם דאָם האַרץ פאַרלאַנגט.
דאָם איינציקע, וואָם כ׳האָב דערלאַנגט
מיט אַלע מיינע ווערק.

פסוק 11.

און קוק זיך אום,
און נעם מיין גאַנצע מי און באַטראַכט —
געוועזן בלינד!
אַלץ, וואָם איך האָב געמאַכט,
איז דום,
איימל יאָגעניש נאָך ווינט!
אונטער דער זון האָט גאָרנישט קיין ווערט...

---

# דרוק־פעלערן אין קהלת.

| זייט | שורה | | דארף זיין | אנשטאט |
|---|---|---|---|---|
| 24 | 12 | פון אויבן | דער פון . . . | דערפון |
| " | — | — | איז די איינטיילונג פון די פסוקים ניט אויף אן ארט: וואו ציפער 14 — דארף זיין 13; וואו 15—14; ביי די ווערטער: „און דאס איז זי אויך (שורה 18 פון אייבן)— ציפער 15; ביי די ווערטער: געגעסן אין א פינסטערקייט (שורה 4 פון אונטן — ציפער 16. | |
| 27 | 7 | " | זעלן־גאנג . . . | שנעלן־גאנג. |
| 34 | — | — | פעלן די ציפער פון די פסוקים 4 און 5, וואס דארפן קומען ביי די ווערטער: „דעם קעניגס ווארט —4; „און דער מאן״—5. | |
| 57 | — | — | דארף קומען דער ציפער פון קאפ. 2 ג א ך פ. 11, ניט פאר אים. | |
| 61 | — | אנהייב עמוד | פעלט דער ציפער פון קאפ. 3. | |

| זייט | שורה | | דארף זיין | אָנשטאָט |
| --- | --- | --- | --- | --- |
| 65 | 2 | פון אונטן | דעם מענטשן־קינד . | דעם מענטשן |
| 71 | „ | פון אויבן | א פאָלק אָן צאָל . | א פאָלק אָן א צאָל |
| 74 | 3 | פון אונטן | דארף דאָס שטערנדל פון פ. 16 קומען איינגערינגלט, ווי א הערה. | |
| 103 | לעצטע שורה | „ | פעלט א ווערטל: אויסג. | |
| 123 | 13 | פון אויבן | פעלט א ווערטל אויס־געמעקט צום סוף שורה. | |
| „ | 15 | „ | געווינס . . . . . | געפינס |
| 110 | 3 | „ | פעלט א קלאמער נאָכן וואָרט אויסגעמעקט. | |
| 112 | 5 | „ | פעלט א קלאמער אין וואָרט: שיצט. | |

אין די טעג פון אחשורוש,
אחשורוש, וואָס געקיניגט
האָט פון הודו ביז צו כוש —
הונדערט זיבענע צוואַנציק לענדער!

אין יענע צייטן, ווען געזעסן
ס'איז דער קעניג אחשורוש
אויף זיין טראָן אין שושן־בורג, —
צום דריטן יאָר פון זיין רעגירן
האָט אַ טרינקמאָל ער געגעבן
פאַר די פערשטן און די דינער
און סאָלדאַטן, אויסגעוויילטע —
פערסיאַנער, מעדיאַנער
אין רעגענטן פון פראָווינצן,
וואָס פאַר זיין געזיכט געשטאַנען!

און ער באַווייזט דערביי דאָס רייכקייט
פון זיין קעניגלעכער הערשאַפט,
אייפּגענומענע וועלטנהייטן
פון זיין גרויסקייט, און עס דויערט
גאַנצע הונדערט אַכציק טעג!

ערשט דערנאָכטן מאַכט דער קעניג
פאַר די שושן=בורג באַוואוינער
פון גרויס ביז קליין אַ טרינק=געלעגער
אויפן פאָרהויף פונם קעניגס
גאָרטן=ווילע, — זיבן טעג!

אויסגעהאָנגען שטאָפן ווייסע,
פאָרהענג גרינע, הימל=בלויע,
און די שנירן — ביסוס, פורפור,
זילבער=שטאַנגען, מאַרמאָר=זיילן!

די דיוואַנען — גאָלד און זילבער,
אַלאַבאַסטער אויסגעפלאַסטערט,
מאַרמאָר, גלאַנצשטיין און פאָרפירען!

און די בעכער זענען גאָלדן,
פאַרשידנאַרטיקע געפעסן, —
מאַסן קעניגליכע ווייַנען,
ווי עס איז אימשטאַנד אַ קעניג!

און דאָס טרינקען, לויט דער פאָרשריפט,
נישט צו נייטן! דען באַפוילן
די הויז=באַדינ(ער) האָט דער קעניג
צו טון יעדעם מאַן זיין ווילן!

און אין קעניגלעכן פאַלאַץ
וואָס צום קעניג אחשורוש

ושתי מאַכט — די קעניגינע —
אַזאַ טרינקמאָל פאַר די פרויען!

און צום לעצטן זיבטן טאָג,
וואויל געמיט פון וויין דער קעניג,
שיקט ער זיינע זיבן דינער,
וואָס פאַר זיין געזיכט געשטאַנען:
מהומן, בזתא און חרבונא,
בגתא אבגתא און דעם זתר
און דעם כרכס און באַפעלט זיי,
צו דער קעניגינע ושתי,
דאָס זי זאָל פאַר אים ערשיינען
אין דער קעניגלעכער קרוין,
דען איר שיינקייט וויל ער ווייזן
פאַר די פעלקער און די הערן, —
ז'איז אַ שיינע פון געשטאַלט!

---

## א.

אײדער כ'טו די לעפּצן אויף,
בעפאָר דאָס וואָרט איך שפּרייט,
בעט איך די ערלויבעניש
פון אײער ליבלעכקייט...

זינגען וויל איך פון באַשעפער
און זיין הערלעכקייט!
דאָך אומענדלעך איז זיין מאַכט,
ווער שעפּט זי אויס מיט רייד?

און ווען הימלען — לויטער פּאַרמעט, —
ווייט אַרום און ברייט,
אַלע וועלדער לויטער פּענעס,
שרייבער — קינד און קייט!

נאָך קיין טראָפּן נישט פון ים —
פון זיין אַלמעכטיקייט;
נאָך קיין אָפּגלאַנץ פון אַ שטראַל
אין זיין הערלעכקייט!

ווי די פאָרהענג האָט ער הימלען
אויס- און אויסגעשפּרייט!
און די ערד האָט ער געזעצט
אויף נישט אין פעסטיקייט!

אין טעג אין זעקס דאָס אַלץ באַשאַפן,
קיין מי, קיין מידיקייט!
איינציק מיטן וואָרט גערופן —
אַלעס שטעלט זיך צו דער צייט!

און איז זיך אויף זיין טראָן נעשטיגן,
לויטער ליכט — זיין קלייד!
און זעקס־פליגלדיקע שרפים,
כרובים זיין באַגלייט!

שווימען שאַר און שאַר פאַרביי,
פאַרצוקט אין לויטערקייט,
אין פאַרביק־רעגנבויגנדיקער
שטילער הערלעכקייט!

קוקן אויס זיין וואונק און וואַרטן,
צום ערפילן גרייט,
מיט דער שטרענגסטער דונער־קראַפט,
בליצן־שנעליקייט!

שווימען מיט געזאַנג פאַרביי
יעדע האָט איר צייט!
רוישן כרובים און גלגלים
אין באַשטענדיקן פאַרבייט!

און אַלץ נייע, נייע שאַרן, —
כאָרן און באַגלייט!

שווימט פאָרביי, דער קאָפּ געבוקט,
פליגל — אויסגעשפרייט!

און אויף יעדער צונג די לויב:
„אויף אייביק־אייביקייט
„זאָל געלויבט זיין נאָמען זיין
„און זיין מאַכט — געשפרייט!

„און געהייכט, און געקריינט
„איבער אָרט און צייט,
„אייביק—פון אומענדלעכקייט
„ביז אומענדלעכקייט!"

---

ב.

ווער אָפּגעלויבט און שווימט פאַרביי,
קומט נישט צוריק זיין צייט!
און אויפן פאָלק ישראל ווערט
אַראָפּגעקוקט מיט נייד!

ווייל עס ווערט זיין לויבגעזאַנג
טאָג אויף טאָג באַנייט!
און ער איז פון האַר אַליין
געוויילט צו דעם באַשייד!

און אויף אַלע וועלטן מען
זיין זיין לויב צעשפרייט,

און אויף אַלע שבעה ימים —
זיין געזאַנג צעזייט.

איז אַ מלאך אויפגעוואַכט,
זיי צו זאַמלען גרייט,
און ער זוכט און זאַמלט זיי
מיט ליב און צערטלעכקייט!

און פון יעדן לויב־געזאַנג,
פאַרצוקט אין שטילער פרייד,
פלעכט ער קרוינען צום באַשעפער
קאָפּ אין הערלעכקייט!

און אויסגעקריצט אויף יעדער קרוין
איז דער באַשייד:
וואויל דער אומה, גליק און הייל,
וואָס דינט דער אייניקייט!

---

ג.

וואָס איז „וואויל", „גליק" און „הייל",
פון דעם יעצונד באַשייד!
די קעניגן — זיי שטייען אויף,
פערשטן, גרויסע לייט

אינם פּאַלש פאַרבלענדרטן שטאָלץ
אויסצושפּעטן גרייט,
רוישן ווי די וואַסער=אינדן,
פרעגן אונז פאַרשייט:

„ווער איז דיין געליבטער, זאָג,
„דיין האַרציק פיין און לייד?!
„ווער איז דער געטרויטער דיין,
„קינדיק, שפּרעדע מייד״! 1)

„פאַרברענגסט אומזיסט אין בענקעניש
דיין גאַנצע לעבנס=צייט״.
און ראָטן: קום צו אונז און טייל
אונזער לוסט און פרייד!

הער, דו קעניג, פערשט און פאָלק,
מיין קורץ און שאַרף באַשייד.
אייער לוסט איז אַש און שטויב,
לויטער נישטיקייט!

אייער פרייד—פאַרבלענדעניש!
אייער דרייסטיקייט
און אייער רום, און אייער שטאָלץ —
אייטל=אייטלקייט!

---

1) אַיינגעשפּאַרטע יונגפרוי.

עס קומט דער טאָג פון אונזער טרייסט,
פון לוין און זעליקייט,
ווען ער באַווייזט זיין פּראַכט און מאַכט,
און זיין גערעכטיקייט!

וואָס געדריקט, דאָס ווערט באַפרייט, —
געזאַמלט, וואָס צעשפּרייט,
הייליק־ציון — אויפגעבויט,
זיין קעניגרייך באַנייט!

עס איז דער טאָג פון גליק און הייל,
דער טאָג פון לוין און פרייד!
אויבן נעפּלען, ווי קרישטאָלן,
ווי די חופּות אויסגעשפּרייט,

אונטן שפּרייטן באַלזאַם־טייכן
זייער ליבלעך־דופטיקייט
און אין קרוינען, און אויף טראָגען
זיצן גוטע, פרומע לייט.

און זיי לייכטן, ווי די שטערן,
טעמען מיט געטלעכקייט,
אָ, דאָס איז נישט צום באַשרייבן,
נישט צו מאָלן מיט קיין רייד!

דאָס האָט נאָך קיין אויג געזען,
קיין פּראָפעט נאָך פּראָפעצייט!

די לבנה — זיבנפאַרביק,
און די זון — אַרוים פון שייד!

אַלע זיבן הימל — אָפן,
און דער מערמל=שטיין — געשפּרייט!
ער אַנטפּלעקט זיך און באַווייזט זיך
אין זיין הערלעך הייליקייט!

אָ, דאָס איז ער, מיין געליבטער!
און אין גרוים לייטזעליקייט [1]
וועט ער נעמען מיך און פירן
אויפן שטעג פון אייביקייט!

און עס ווערט אין אַלע הימלען
דער פריידן=שאַל געשפּרייט:
מיט זיין פאָלק ישראל האָט
ער זיין בונד באַנייט!

---

## ד.

און עס הייבט אַ קאַמף זיך אָן
גרימיק און פאַרשייט
מיטן ווילדן שור=הבר
דער לויתן=שטרייט!

---

1) און אין (זיין—אויסג.) גרוים לייטזעליקייט.

דער האָט אייזערענע פּלאָסן,
און ער עפנט ווייט און ברייט
קעגן שור־הבר די שלונד
און אַ שפּרונג, צו שלינגען גרייט!

יענער שטעלט די הערנער אויס
שטאָלן, שפּיציק און געדרייט,
קעמפן ביידע אונגעהויער
און אויף טויט און לעבן גרייט!

גייט דער גוג־ומגוג־שפּיל,
געווערן ווערט דער שטרייט — —
ניין, דער שעפער צוקט די ברעם
און די שווערט אַרויס פון זייט.

ביידע, ווי פון בליץ געטראָפן,
לעבלאָז, אויסגעשפּרייט!
צו דער סעודה פאַר צדיקים
ווערט שוין, איילנדיק, געגרייט

אויף די טישן פון גאָרפונקל,
יאַספּיס אויסגעשפּרייט!
און עס פּערלט זיך אין בעכער
אין זיין קלאָריקייט

דער ווײַן אין דער טרויב געהיטן
פון דער אָנהייב צייט!
אַלץ איז אָפן, אַלץ אַנטפּלעקט,
אויס פּאַרבאָרגנקייט!

---

ה.

און האָב איך צינדערט מיט פּאַרלויב
געענדיקט מײַנע רייד,
בלײַבט מיר נאָך צו ווינטשן אײַך,
גוטע, פֿרומע לײַט!
דערמאָנען זאָל ער זיך אָן אײַך,
ווען עס קומט די צייט!

איר זאָלט פון אַלעם דעם געניסן
אין דער ערשטער ריי, נישט ווייט,
פון זײַן גלאַנץ און פּראַכט, און לויטער
הייליק, הייליק הערלעכקייט!

אָ, דאָס ווינטש איך אײַך פון האַרצן,
און זאָל הערן מײַנע רייד
ער, געלויבט זאָל זײַן זײַן נאָמען
פון אייביקייט ביז אייביקייט!

---

## I.

* אײדער כ'טו די לעפּצן אויף,
* בעפאָר דאָס וואָרט איך שפּרײט,
* בעט איך די ערלויבעניש
* פון אײער ליבלעבקײט!

פון באַשאַפער װיל איך זינגען
* און זײַן הערלעכקײט!
* דאָך אומענדלעך איז זײַן מאַכט,
* װער שעפּט זי אויס מיט רײד?

אין װען די הימלען — לויטער פאַרמעס, —
* װײט אַרום און ברײט.
* אַלע װעלדער — לויטער פענעס,
* שרײבער — קינד און קײט!

װען (װעט?—רעד.) קײן טראָפּען נאָך נישט זײַן
אין ים פון אײביקײט
און קײן אײנציק־שטראַל פון גלאַנץ
פון זײַן הערלעכקײט!

אַלץ װאָס לעבט האָט ער באַשאַפן: *)
הימלען — אויסגעשפּ(ר)ײט!
אין אויף נ אָ ר נישט די ערד געזעצט
אין פעסטיקײט! **)

---

*) (די גאַנצע װעלט—אויסג.) האָט ער באַשאַפן.

**) און (די ערד געזעצט אויסג.) אין פעסטיקײט.

אין די גאַנצע וועלט בעשאפן
קיין מי און מידיקייט!
* איינציק מיטן וואָרט גערופן,
געקומען צו דער צייט!

אויף זיין טראָן איז ער געזעסן,
לויטער ליכט — זיין קלייד! *)
* און זעקספליגלדיקע שרפים,
* כרובים — זיין באַגלייט!

שווימען שאַרן און שאַרן פאַרביי,
* פאַרצוקט אין לויטערקייט.
* אין פאַרביק-רעגנבויגנדיקער
שטילער זעליקייט.

און זיי קוקן אויס, זיין וואונקען
* צום ערפילן גרייט!
* מיט דער שטרענגסטער דונער-קראַפט,
* בליצן-שנעליקייט!

שווימען אין געזאַנג פאַרביי,
יעדער האָט זיין צייט!
* רוישן כרובים און גלגלים,
* אין באַשטענדיקן פאַרבייט.

אַלץ-אין-איינעם שאַרן נייע,
* כאָרן אין באַגלייט!
פליט פאַרביי, דער קאָפּ געבוקט,
די פליגל אויבגעשפרייט.

---

*) (און ער האָט זיך איינגעהילט
אינעם ליכט — זיין קלייד—אויבן.),

* און אויף יעדער צונג די ליבּ ;
* איף אייביק אייביקייט,
זיי, דו האַר דער וועלט, געקריינט,
און דיין מאַכט צעשפּרייט!

און געלויבּט זאָל זיין דיין נאָמען
אויף יעדע אָרט און צייט
פון אומענדלעכקייט
* ביז אומענדלעכקייט!

---

### .II

ווער אָפּגעלויבּט, שווימט פאַרביי,
צוריק קומט נישט זיין צייט!
* אין אויפן פאָלק ישראל ווערט
* אַראָפּגעקוקט מיט נייד!

* ווייל עס ווערט זיין לויבּגעזאַנג
* מאָג אויף טאָג באַנייט!
און איז פון האַר אַליין געוויילט
צו דעם באַשייד!

* און אויף אַלע וועלטן מעג
* זיין זיין לויבּ צעשפּרייט,
און אויף שבעה-ימים זיין
לויבּ-געזאַנג צעזייט.

אויסצוזוכן, זיי צו זאַמלען
איז אַ מלאך גרייט,
* און ער זוכט אין זאַמלט זיי
מיט ליבּ' און צערטלעכקייט!

און פון לויב און לויב-געזאַנגען,
פאַרצוקט אין גרויסער פרייד,
קרוינען פלעכט ער צום באַשעפערס
* קאָפּ אין הערלעכקייט!

* און אויסגעקריצט אויף יעדער קרוין
* איז דער באַשייד:
* וואויל דער אומה, גליק און הייל,
* וואָס דינט דער איינציקייט!

וואָס איז „וואויל" און „גליק און הייל"?
פון דעם אַצינד באַשייד!
ווייל מלכים שטייען אויף,
פירשטן, גרויסע לייט.

און די הערשער און באַצווינגער,
* אויסצושפּעטן גרייט,
* רוישן *) ווי די וואַסער-אינדן,
שפּעטיש און פאַרשייט:

* „ווער איז דיין געליבטער, זאָג
* „דיין האַרציק פיין און לייד?
* „ווער איז דער געפּרויטער-דיין,
„קינדיק, שמאַלצע מייד!

„וואָס פאַרברענגט אין בענקעניש
„די גאַנצע לעבנס-צייט!
„פאַרגעס און קום צו אונז און טייל
* „אונזער לוסט און פריידי"!

---

*) ברומען — אויסג.

קעניגע, פירשט און פאָלק !
הערט מיין קורץ באַשייד !
אייער לוסט — אַש און שטויב !
דאָס ליכט איז פינסטערקייט !

פון פינסטערניש פאַרבלענדעניש
שטאַמט די דרייסטיקייט,
אייער הייך און אייער שמאָלץ —
* איימל-איימלקייט !

און עס קומט פאַר אונז דער טאָג
* פון לוין און זעליקייט,
פון טרייסט און לוין ! דער גרויסער טאָג
פון זיין גערעכטיקייט !

וואָס גענידערט ווערט געהייכט !
* געזאַמלט, וואָס צעשפּרייט !
* הייליק-ציין — אויפגעבויט,
* זיין קעניגרייך באַנייט !

* אויבן נעפלען, ווי קריסטאָלן,
* ווי די חופות אויסגעשפּרייט !
און עס פלימן באַלזאַם-טייכן
און צעשפּרייטן דופטיקייט :

און געקריינט, איך טראָגען גאָלד'נע
* זיצן גוטע, פרומע לייט !
און זיי שטראַלן, ווי די שטערן,
און עטעמען מיט געטלעכקייט !

* אָ, דאָס איז נישט צום באַשרייבן,
נישט צו מאָלן אויס מיט רייד !

* דאָס האָט נאָך קיין אויג געזען,
און קיין נביא פּראָפעציים!

זיבּנפאַרביק — די לבנה
* און די זון — אַרוים פון שייד!
און ער אַנטפּלעקט זיך און באַווייזט
אין זיין הייליק הערלעכקייט!

אַ, דאָס (איז?—רעד.) ער, מיין געליבטער,
אין געווקסטער האַרציקייט!
און ער נעמט מיך, און ער פירט מיך
אינם שטעג פון אייביקייט!

און אין אַלע הימלען ווערט
אָט דער שאַל צעשפּרייט:
* מיט זיין פאָלק ישראל האָט
נאָס זיין בונד באַנייט!

ג *).

* און עס הייבט אַ קאַמף זיך אָן,
* גרימיק און פאַרשייט,
* מיטן ווילדן שור-הבר
* דער לויתן-שטרייט!

אַ פיש מיט אייזערנע פלאָסן
און אַ שלונד ווייט און ברייט,
ווי אַ פינסטער אָפּגרונד אָפן
דעם שור-הבר צו שלינגען גרייט!

*) פון דאנען אָן נייט די באצייכענונג פון די קאפּיטלען מיט יידישע אותיות. אָבער אָנשטאָט קאפּ. ג׳ האָט דאָ; לויט דעם ענדגילטיקן טעקסט, געדארפט קומען ד, און די באצייכענונג פון קאפּ. ג׳, וואָס האָט געדארפט קומען פאָרן פּערז: „וואָס איז „וואויל" און „גליק און הייל"? ו. 18—פעלט אינגאנצן.—רעד.

יענער — מיט די הערנער — שטאָל?
שפּיזן—שפּיציק און געררייט!
* קעמפן ביידע אונגעהויער
* און אויף טויט און לעבן גרייט!

עס איז דער גוג ומגוג־שפּיל,
געווערן וועט דער שטרייט?
ניין, דער שעפער ציט זיין ברעם,
צוקט די שווערט פון שייד!

* ביידע, ווי פון בליץ געטראָפן,
טויטע אויסגעשפּריים!
געדעקט דער טיש און די סעודה
פאַר צדיקים גרייט!

אויף די טישן פון נאַרפונקל
און יאַספּיס געשפּריים!
* און עס פּערלט זיך אין בעכער
אין זיין קלאָריקייט

דער וויין, וואָס איז אין טרויב געהיט
* פון דער אָנהייב צייט!
* אַלץ איז אָפן, אַלץ אַנטפּלעקט,
* אויס פאַרבאָרגנקייט!

---

ה.

צינדערט האָב איך, מיט פאַרלויב,
נ'ענדיקט מיינע רייד!
* בלייבט מיר נאָך צו ווינטשן אייך,
* גוטע, פרומע לייט!

אַז דערמאַנען זאָל ער אייך,
* ווען עס קומט די צייט.
און איר זאָלט געניסן דאַך
פון זיין הערלעכקייט!

און איר זאָלט אַ פלאַץ באַקומען,
פון דער הערלעכקייט נישט ווייט?
אָ, דאָס ווינטשן (ווינטש איך?—רעד.) אייך פון האַרצן
און זאָל הערן מיינע רייד

* ע ר! געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען!
און זיין גלאַנץ צעשפרייט
איבער אַלע, אַלע וועלטן,
אין דער אייביקייט.

---

איך טו די לעפצן אויף!
* בעפאָר דאָס וואָרט איך שפּרייט,
בעט איך ד'ערלויבעניש
* פון אייער ליבלעכקייט.

פון באַשעפער זינג איך
און זיין אַלמעכטיקייט!
אומענדלעך איז זיין מאַכט,
* ווער שעפּט זי אויס מיט רייד?

ווען אַלע הימלען — פּאַרמעט!
און ווייט אָרום און ברייט —
* אַלע וועלדער — פּענעס,
* שרייבער — קינד און קייט, —

נאָך קיין גאַנצער שטראַל
פון גלאַנץ אין אייביקייט:
ער האָט די וועלט באַשאַפן
אָן מי און מידיקייט,

נאָך איינציק מיט זיין וואָרט
די הימלען אויסגעשפּרייט,

און די ערד באַפעסס, —
אין טעג אין זעקס — די צייט;

און האָט ייך איינגעהילט
אין זיין הפרלעכקייט,
געזעצט ויך אויף זיין טראָן,
און דאָס ליכט — זיין קלייד.

און סויזנספר, סויזנמער שאַרן
* פאַרצוקט אין לויטערקייט,
אין רעגנבויגן־פאַרביקי
* שטילער זעליקייט,

קוקן אויס זיין וואונק
* צום ערפילן גרייט,
מיט דער דונער־מאַכט,
* בליצן־שנעליקייט;

און אלע זינגען שירה,
יערער אין זיין צייט;
כּרובים און גלגלים
רוישן אין פאַרבייט;

און אלץ נאָך נייע שאַרן
כאָרן און באַגלייט.
ווער עס קומט — געבוקט;

די פליגל אויסגעשפרייט!
אויף יעדער צונג די לויב:
„אויף אייביק־אייביקייט!

„זײַ, דו האר, געלויבט!
„און דײַן (מאכט?—רעד.) צעשפרייט
„פון אומענדלעכקייט
„ביז אומענדלעכקייט!"

און אפגעלויבט — פארביי!
ס'קומט ניט צוריק די צייט!
יעדן מארגן־פרי —
שאר און כאר באנייט;

אומענדלעך איז די צאל
פון כארן און באגלייט!
און אויפן פאלק ישראל
ווערט געקוקט מיט נייד!

עס איז פון האר אליין
געוויילט צו דעם באשייד!
זינגט עס פרי און שפעט,
לויבט צו יעדער צייט!

מעג אויף אלע וועלטן
זײַן זײַן לויב צעשפרייט,

און איבער אַלע ימים
זיין געזאַנג צעזייט; *

זיי זוכן, זיי צו זאַמלען
ווי (איז?—רעד.) אַ מלאך גרייט;
זאַמלט ער די תפילות
מיט גרויסער צערטלעכקייט, —

פלעכט ער פון זיי קרוינען...
אויף יעדער קרוין באַשייד;
„גליק און הייל דער אומה,
וואָס דינט דער אייניקייט;"

רעם באַשעפערס קאָפּ
אין לויטער הערלעכקייט,
מיט די קרוינען קרוינט ער,
פאַרצוקט אין ליכטיקייט;

האָט איז „וואויל" און „הייל"!
פון לוין אַצינד באַשייד;
פערסטן שטייען אויף,
שפּעטן יעדער צייט;

מלכים שטייען אויף,
אויסצושפּעטן גרייט; *
ווי די וואַסער־אינדן,
ברומען זיי, פאַרשייט;

„ווער איז דיין געליבטער,
* „דיין הארציק פיין און לייד ?
„ווער איז דיין געטרויטער,
* „קינדיק, שטאָלצע מייד ?

„צו וואָס אזוי פארטרויערט
* „דיין גאנצע לעבנס-צייט ?
„קום צו אונז און טייל
„גלאנץ און לוסטיקייט !“

קעניגן און פערשטן,
* הערט מיין קורץ באשייד :
אייער שטאָלץ און גלאנץ —
* לויטער נישטיקייט ;

אייער זיס׳ס איז ביטער ;
ליכט — נאָר פינסטערקייט ;
קעגן דעם ברינגסטן שטראַל,
וואָס קומט פון אייביקייט ;

אייער הויך איז שפל ;
גייטל-אייטלקייט ;
און עס קומט דער טאָג
פון זיין גערעכטיקייט ;

ז׳ער טאָג פון הויכן לוין —
* געזאמלט, וואָס צעשפרייט ;

און עס קומט דער טאָג
פון לויטער זעליקײט!

ציון אויפגעבויט,
זײַן קעניגרייך — באַנײַט;
אין דעם הימלס פּראַכט,
געטלעך לויטערקײט;

געפלען — ריין קריסטאַל,
ווי חופות אויפגעשפּרייט;
און פון באַלזאַם־טײַכן
ווערט דער דופט צעשפּרייט;

און גינגאָלדענע קרוינען,
און טראָגען זענען גרייט
פאַר צדיקימס קעפּ;
לוין — פאַר ערלעכקייט;

שטראַלן זייערע פּנימער —
שטערן אין הימל צעשפּרייט;
באַווייזט זיך כּביכול
אין הערלעך־הערלעכקייט;

— „דאָס איז ער, דער געליבטער,
„געקומען איז די צײַט;
„און ער וועט מיך פירן
„אין גלאַנץ פון אייביקייט;“

צינדערט הייבט זיך אָן,
צאַרניק און פּאַרשייט
מיט דעם שור־הבר
* דער לויתן־שטרייט;

אייזערנע פלאַסן,
שלונד — ווייט און ברייט;
ווי אין אַפּגרונד אָפן,
אַ וועלט צו שלינגען גרייט;

און יענער — הערנער — יעזאָל.
שפּיציק און געדרייט;
אונגעהויער צווייַ,
אויף טויט און לעבן גרייט;

דער גוג־ומגוג שפּיל...
ווי ענדיקט זיך דער שטרייט?
דער שעפער ציט זיין ברעם,
* צוקט די שווערט פון שייד;

ווי פון בליץ געטראָפן,
ביידע אויסגעשפּרייט;
און — מערני מלך
* פאַר צדיקים גרייט;

אויף טישן פון גאַרפונקל
* און יאַספּיס געשפּרייט;
עס פּערלט זיך אין בעכער,
* אין זיין קלאָריקייט

דער ווײַן אין טרויב געהיט
* פֿון דער אָנהייב צײַט;
אַלעס ווערט אַנטפּלעקט,
* אויס פֿאַרבאָרגנקייט;

בלײַבט מיר נאָר צו ווינטשן,
אָ, גוטע פֿרומע לײַט,
באַקומט אײַער פּלאַץ
* ווען עס קומט די צײַט,

אין דער ערשטער רײַע
פֿון לויטער זעליקייט,
בײַ דעם טיש, געדענקט (געדעקט?—רעד.)
פֿון זײַן גערעכטיקייט;

און זעט דאָס ליכט, דאָס רייבע,
די זון — אַרויס פֿון שייד;
דאָס ווינטש איך אײַך פֿון האַרצן,
דער האַר הערט (מײַנע?—רעד.) רייד;

געלויבט זאָל זײַן זײַן נאָמען
* און זײַן גלאַנץ צעשפּרייט
* איבער אַלע וועלטן
* אין דער אייביקייט;

---

# חד גדיא

פאַריידישט פון י. ל. פרץ

דער טאַטע האָט אַ ציגעלע
פון ערגעץ־וואו געבּרענגט, —
פאַר צוויי גילדוין אַ ציגעלע
די קינדערלעך געשענקט.
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

טאַנצט אַרום דאָס ציגעלע
דאָס ווייסינקע אין הויף.
איז אַ שוואַרצע קאַץ פאַרהאַן,
כאַפּט זי, פרעסט עס אויף *).
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעל׳ע.

היט זיך, היט זיך, קעצעלע,
דער הונט איז אויפן פלאַץ!
ער גיט אַ בּיל, ער גיט אַ שפּרונג, —
איין עק שוין פון דער קאַץ!

אויסגעצויגן ליגט זי שוין
צעבּיסן און דערשטיקט,

*) כאפּט זי און פרעסט עס אויף—אין פינסקים אויסגאבע.

די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

קומט אַרויס דאָס שטעקעלע,
אַ שטעקעלע פון וואַלד,
וואַרפט זיך אויפן הונט אַרויף,
וואַרפט זיך און צעשפּאַלט

דעם הונט, דעם הונט, דאָס קעפּעלע,
וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט,
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

פליט אַרויס פון ערגעץ־וואו
און באַפאַלט דעם שטאָק,
אַ פייערל מיט רויטינקע
צינגעלעך אַ שאָק!

מיט צינגעלעך, ווי שלענגעלעך,
צישט עס און פאַרברענט —

דאָס שטעקעלע, וואָס האָט דאָ ערשט
געבראָכן ריק און לענד

און קאָפּ דעם הינטעלע,
וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט;
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

פליסט זיך אָן אַ וואַסערל,
דעם וואַסערל פאַרדריסט:
„וואָס ברענט אַזוי דאָס פייערל?"
נעמט עס שנעל, פאַרגיסט!

פאַרטיליגט שוין דאָס פייערל,
וואָס האָט דעם שטאָק פאַר־לענדט,
ווייל ער האָט דעם הינטעלע
געבראָכן ריק און לענד

און קאָפּ *) דעם הינטעלע,
וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט, —
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

*) און דעם קאָפּ—אין פינסקים אויסגאבע.

דאָס דערזעט איין עקסעלע,
צום וואַסערל אַ שפּרונג!
וויל דער אָקס זיך נוקם זיין,
צי גלאַט, ער וויל אַ טרונק!

ווער פאַרשטייט, וואָס וואַלגערט זיך
אין מוח׳ל ביי אַ רינד?!
אַ שפּרונג, אַ זופּ און אַ לעק,
און דאָס וואַסערל פאַרשווינדט!

אויס דאָס וואַסערל, וואָס האָט
דאָס פייערל פאַרלעשט —
דאָס פייערל, וואָס צאָרניק האָט
דאָס שטעקעלע פאַרברענט.

ווייל ער האָט דעם קאָפּ געפּלעט
דעם הונט, וואָס האָט דערשטיקט,
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

באַווייזט זיך באַלד אַ שוחטל,
גערעכט צי נישט גערעכט,
כאַפּט אַרויס דאָס חלפל,
כאַפּט דעם אָקס און שעכט!

דעם אָקס, דעם אָקס, דעם גרויסן אָקס,
וואָס האָט דאָס וואַסערל פאַרלענדט,
ווייל פאַרנישט *) דאָס פייערל,
וואָס האָט דאָס שטעקעלע פאַרברענט!

ווייל ער האָט דעם קאָפּ געפּלעט
דעם הונט, וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט,
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדרוין,
פאַר צוויי גילדרוין,
פאַר צוויי גילדרוין דאָס ציגעלע.

האָט עס דער מלאך פון טויט דערזען,
מיט די טויזנט אויגן!
צעשפּרייט ער באַלד די פליגל שוואַרץ,
קומט ער אָנגעפלויגן.

„אוי, וואָס האָסט דו, מענטש, געטון?"
געוועדט עס קוים איין אויגנבליק,
כאַפּט דעם שוחט ביים גרגרת,
כאַפּט דאָס מעסערל און — כיק!

ווייל ער האָט דעם אָקס געקוילעט,
וואָס האָט אַ וואַסערל פאַרלענדט,
ווייל עס האָט אַ פלאַם פאַרגאָסן,
וואָס האָט דאָס שטעקעלע פאַרברענט,

*) פארלעשט—אין פינסקים אויסגאבע.

ווייל עס האָט דעם קאָפּ געשפּאָלטן
דעם הונט, וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט.
די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

ווערט דער כביכול צאָרניק:
„נאָר געראַנגלט און געפּאָכטן!"
און האָט, אין זיין גערעכטיקייט,
דעם טויט אַליין אויף טויט געשאָכטן!

און, ווי אַלע טויטע טויט,
ליגט דער מלאך אויסגעשפּרייט,
וואָס האָט דאָס שוחטל געקוילעט,
ווייל ער האָט דעם אָקס געטייט!

וואָס האָט דאָס וואַסער אויסגעטרונקען,
וואָס האָט דאָס פייערל פאַרלענדט,
ווייל ער האָט מיט רויטע צינגלעך,
דעם האָלצערנעם שטאָק פאַרברענט,

ווייל ער האָט דעם קאָפּ געפּלעט
דעם הונט, וואָס האָט די קאַץ דערשטיקט,

די קאַץ, די קאַץ, די שוואַרצע קאַץ,
וואָס האָט דאָס ציגעלע פאַרציקט!
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין,
פאַר צוויי גילדוין דאָס ציגעלע.

---

